מ. שאַגיניאַן



# אינהאלט:

## I. קונסט אלס פארגעפיל פון מאכט.



## II. דער גולם, דער העכסטער מאכט-חלום.



## III. פראלעטארישע קולטור.

---

מ. שאַץ-אַנין.

# קונסט
## אַלס פאַרגעפּיל פון
# מאַכט.

ריגע, 1924

## זיין און באַוווסטזיין.

אינם באַוווסטזיין באַגעגענען זיך אָפּט צוויי „זיינס„: דער נעכטיקער און דער מאָרגענדיקער. דער באַוווסטזיין האָט דעריבער צוויי פּנימער — איינער אַ מאַסקע פונם פאַרגליווערטן געזעלשאַפטלעכן זיין: באַוווסטזיין אַלס טאָכטער פון מאַכט.

דער צווייטער פּנים — אַ בענקעניש־אָנזאָג פונם קומענדיקן „זיין״, דער טרעגער פונם בוינעדיקן „ווער־ן״: באַוווסטזיין אַלס מוטער פון מאַכט.

א היסטאָרישע עקסקורסיע וועט דאָס באַלויכטן.

דער גולם־מיטאָס — א סימוואלישע אילוסטראציע.

די קולטור פונם פּראָלעטאריאט — א לעבעדיקער באַוויי.



# I. די קונסט אלס פארגעפיל פון מאכט.

ס'איז קלאָר היינט פאר אַלעמען: די קונסט לעבט היינט איבער אַ שווערן אינעווייניגסטן איבערברוך. און גראַד אין אַזעלכע מאָמענטן ווערט אַנטבלויזט דער לעבנסנערוו פון דעם קונסט דראַנג, און מען הויבט אָן צו זען בולט די פעדים, וואָס ציען זיך פונם קאָנקרעטן טאָגטעגלעכן געזעלשאַפטלעכן לעבן צו די אבסטראַקטעסטע קונסטפאָרמען.

און מען זעט, אז יעדער קונסט איז אין תוך אַ פאָרגעפיל פון צוקינפטיקער מאַכט. דאָס קונסטווערק אין וואָרט, ליד, בילד, געשטאַלט איז דער בויפּראָיעקט פונם צוקינפטיקן מענטשלעכן שאַפן. דער עסטעטישער פּראָיעקט פון גן־עדן אַף דער וועלט.

די גאַנצע ביזאיצטיקע געשיכטע פון דער קונסט — דאָס זיינען פרווון פון קינדער־אין לערניאָרן פון דער מענטשהייט אַף איר וועג אַקטיוו צו פאָרמען און צו שאַפן די וועלט לויט איר אייגענעם גייסטיקן בילד און רצון.

דער ציל — דער אָפענער אָדער באַהאַלטענער — פון אַ ל ע מענטשלעכע מעשים — אַף אַ ל ע געביטן, איז אַלעמאָל געווען און געבליבן: קנעטן די אביעקטיווע נאַטורוועלט ווי ליים, די גאַנצע נאַטורוועלט, די טויטע ווי די לעבעדיקע.

צו אָט דעם ציל איז דער מענטש צוגעטראָטן פון אויסנווייניק, אַלס טייל פון דער גרויסער רוים־וועלט. צוערשט אומבאַהאָלפן, נאַאיוו, אינגאַנצן אונטער דער השפעה פון די ארומיקע נאַטורכחות. זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוצוקוקן צו דער נאַטור, אָנגעהויבן באַנעמען די „רעגלמעסיקייטן" אירע, אירע „געזעצן". און דאָס באַנומענע אנגעהויבן ווי אַ פלייסיגער תלמיד נאָכצומאַכן, צו ק א פ י ר ן אַף זיין שטייגער. אויסדריקן זיין אנגריף־דערפאַרונג אין וואָרט, ליד, ליניע.

און וואָס וויטער, אַלץ דרייסטער, אַלץ טיפער אריינגעדרונגען אין די „געהיימניסן" פון דער נאַטור, זי איסדריקנדיק גלייכצייטיק אין בולטע עסטעטישע סימוואָלן. און וואָס ווייטער, אַלץ ענערגישער געפאָדערט פון דער נאַטור, פון זיך — דעם ע צ ם. און אַזוי שיטן זוכן וואַקסן די וועגן, רייפן די צילן, שטאַרקט זיך די דרייסטקייט, דער ווילן.

אין טראַכט זיך אריין: צו ליגט ניט דווקא אָט אין דער פונקציע פון דער קונסט דער סוד פון איר ווירקונג אַף דער מאַסע? „ר יי נ ע״ אַבסטראַקטע אַנשויאונג באַגייסטערט קיינמאָל ניט.

און אויב אַן אמת קינסטווערק רופט ארויס התלהבות, איז דאָס אפשר קודם כל צוליב דעם, וואָס דאָס ווערק דריקט אויס אין סימוואָלן דעם שטאַרקן פאָרגעפיל פון מאָרגנדיקן שאַפן און צינט אזוי אָן דעם מענטשן־גייסט, שפּאָרנט אָן זיין ווילן.

אין יעדן אמתן קונסטווערק ברענט אָט יענער אוראַלטער פייערל, וואָס פּראָמעטעאוס האָט אראָפּגעגנבעט פון הימל פאר דער ערד...

קונסט, ישרע קונסט איז ה ע ר ש ע ר ח י ו ם. אַף וויפיל זי איז כלומרשטע „קונסט פאר קונסט״, צייטפאַרטרייב פון סאַלאָן־יחידים, איז זי קיינמאָל קיין קונסט ניט געווען.

אין בעסטן פאַל איז די עסטעטיק מאַכעריי פון „קונסט פאַר קונסט״ געווען אַליינבאַטרוג פון קונסט־פאַבלייט אין א תקופה בעת די קונסט איז געווען אַ דינסט פון איבערזעטיקטע אפּ, שטאַרבנדיקע קלאַסן. און זיי, אָט די קינסטלער האָבן זיך און תוך אַליין ניט פאַנאַנדערגעקליבן אין די טרייבנדיקע כחות פון זייער שאַפן.

און וויטער: וואָס איז אזוינס קינסטלערישע באַגייסטערונג, שאַפונגס־התלהבות? איז דאָס ניט דאָס פריידיקע באַוווסטזיין פונם קינסטלער, אַז ער האָט אין זיין גייסט דערגרייכט אַ געוויסע העכערע ווי אַלע איבעריקע מענטשן מדרגה פון באַהערשן די וועלט? ער פילט בולט, אַז זיין עסטעטישער פּראָיעקט וועט דינען סוף כל סוף אַלס מוסטער פאַר די קאָנקרעטע וועלט באַהערשונג דורכן מאַסע מענטשן.

און אין אָט דעם התלהבות־געפיל באַגעגנען, זיך דער שאַפנדיקער און אופנעמענדיקער; דער קינסטלער און דער עולם, דאָס איז דער בריק, וואָס פאַרייניקט דעם יחיד־קינסטלער מיט דער מאַסע.

אין דער קונסט איז דער מענטש שוין ניט מער קיין שפּילכל פון די נאַטור־כחות. דאָ איז ער שטענדיק — דער פרייער באַשאַפער. ער קאָמבינירט די נאַטורעלעמענטן לויט זיין פלאַן און סדר. די נאַטור איז אין דער קונסט אין תוך שטענדיק

עסטעטיש־אבסטראקט, אָבער סוף כּל סוף ליגט דער וויטערדיקער ציל אינם פּראַקטישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## II. ריטם און סטיל.

ס'לעבן טויזנטער מענטשן. און זייער לעבן איז אַ סכום פון געדאַנקען, געפילן, ווילנסבאַוועגונגען, וואָס זיינען מער אָדער ווייניקער דורכגעמישט, צונויפגעפלאָכטן. זיי לעבן און שטאַרבן. און בלייבן אין דער געשיכטע אַלס אַנאָנימער „פאָלק", „מאַסע".

אָבער בעת די אייגענע געפילס־, געדאַנקען־ און ווילנס־מאָמענטן, וואָס לעבן און וועבן אין דער מאַסע, קריסטאַליזירן זיך אויס אין דער נשמה פונעם יחיד, אַרום אַ געוויסער איינהייט־לעכער אידיי, אָדער אַרום אַ געוויסער שטימונג, אָדער אַרום אַ געוויסן ווילנסדראַנג, וואָס אָרגאַניזירט אַרום זיך אַלע איינצעלנע גייסטיקע מאָמענטן און מאַכט פון זיי אַ האַרמאָנישע איינהייט, דאַמאָלס וואַקסט אַרויס פון דער מאַסע די פּערזענ־לעכקייט, דער טרעגער פון איינהייט, האַרמאָנישער גאַנצקייט, צילבאַוווסטקייט.

אין איר איינמאָליקייט איז די פּערזענלעכקייט — פּראָיעקט־מוסטער פאַרן מאָרגנדיקן מאַסע מענטשן. און די מאַסע לעבט אים אויך אַזוי איבער.

דאָס אייגענע קומט פאָר אין יעדער קונסט. יעדער קינסטלער אַפּערירט מיט געוויסע גייסטיקע אינהאַלטן, וואָס לעבן אין דער מאַסע, אָבער דאָרטן לעבן זיי אומאָרגאַניזירט, צעזייט איבערן גאַנצן פלאַך און טיף פון דער נשמה.

וואָס פאַרוואַנדלט אָבער די אַלע מאָמענטן אין אַ קונסט־ווערק — אַ מוזיקאַלישע, פּאָעטישע אָדער סצענישע? זיי פאַרוואַנ־דלען זיך אין אַ קונסטווערק נאָר דאַמאָלס, בעת זיי ווערן צונויפ־גענומע', אָרגאַניזירט דורך אַ אינעווייניגסטן כּח, וואָס מאַכט פון זיי אַ איינהייט. דער אינעווייניגסטער כּח איז — **דער ריטם**, דער דופק פונעם קינסטלערס לעבן און שאַפן.

דער ריטם קלייבט צונויף ווי אַ מאַגניט אַרום זיך אַלע גלייכווערטיקע, „סימפאָנישע" נשמה־אינהאַלטן און שמעלצט זיי צונויף אין איין גוס.

וויינינסטער ריטם-מאָס זאָל באַקומען אויך זיין אויסנווייניגסטן אויסדרוק אין אַ געוויסער צוגעמאָסטענער, פּאָעטישער-אָדער מוזיקאַלישער, מעטריק, וואָס שטאַרקער, „אמתער" עס איז דער אָרגאַניזירנדיקער כּח פונם ריטם, אַלץ וויניקער נויטיקט ער זיך אין אָט דעם אויסערלעכן מאָמענט — אינם גראם אין דער פּאָעזיע אָדער אין די טראַדיציאָנעלע צוזאַמענקלאַנגען אין דער מוזיק. אַלץ מער קאָן ער זיך דערלויבן מוזיקאַלישע דיסאָנאנסן און פערז-פרייהייטן. און אַף דער סצענע נויטיקט ער זיך אַלץ וויניקער אין די קלאַסישע מעטאָדן, ווי איינהייט פון צייט-אָרט-האַנדלונג.

דער ריטם, אַלס פּאָרגעפיל פון לעבנסהאַרמאָניע, איז דער יסוד פון דער איבערלעבונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען שיינהייט. —

און דאָס אייגענע חזרט זיך איבער אין אַן אנדער פאָרם אין דער רוים קונסט: מאלעריי, סקולפּטור, ארכיטעקטור.

זיי אָפּערירן מיט רוים-פאָרמען, וואָס מיר אַלע באַגעגענען אַף יעדן טריט און וואָס מאַכן אַף אונז קיין שום קינסטלערישן איינדרוק נית. דער פרייער שפיל פון כּחות און פאָרמען, וואָס מיר זעען אין דער ארומיקער נאַטור, קאָן בּאַ אונז אַרויסרופן די אָדער יענע געפילן פון באַוואונדערונג אָדער פרייד. עס איז אָבער אין דעם ניטאָ די עסטעטישע קונסטווירקונג, וואָס פאַרלאַנגט דעם מאָמענט פון פרייער מענטשלעכער שאַפונג.

און אָט די קונסטווירקונג ווערט געשאַפן דאַמאָלס, בעת אינם פרייען שפיל פון נאַטורכּחות מישט זיך אַריין אַקטיוו אַ קולטירכּח, וואָס אָרגאַניזירט — באַוווסט אָדער אומבאַוווסט — די פאַרייצעלטע נאַטורעלעמענטן אין אַ געוויסע איינהייט.

און וואָס שאַפט אין דער רוים-קונסט אָט די איינהייט?

---

דאָס אייגענע, וואָס אין דער צייטקונסט איז דער ריטם, איז אין דער רוים-קונסט דער סטיל.

---

דער סטיל איז דער פאָרם-געפיל פון דער תקופה, די סימוואָלישע פאָרמען שפּראַך. דער סטיל איז דער ארגאַניזאציע-

פּרינציפּ פֿון אַט דער סימוואָלן־שפּראַך, וואָס מאַכט פֿון פאַרמען־שפּליטער: אַ בנין, פֿון פלעקן — אַ בילד.

אַ פּאָר אילוסטראַציעס: די ק אָ ל אָ נ ע איז אין דער קונסט־געשיכטע פונם אַלטערטום ניט אַ ווערטיקאַלע מאַסע פון שטיין אָדער האָלץ, נאָר אַן אָרגאַניזאַציע פּרינציפּ פון אַ גאַנצער תקופה אין דער קונסט־אַנטוויקלונג. און אַלס סימוואָל — צי איז די קאָלאָנע ניט געבאָרן פונ׳ם יחיד־גייסט, וואָס שטרעבט צו פּוי־קומענהייט, צום הימל?

ווייטער: דער צוגעשפּיצטער גאָטישער ב ו י ג ן איז אין דער קונסט ניט אַ דעטייל פון אַ געבוי, קאָפּירט פון דער נאַטור. ער איז בלי ספק דער טרעגער פון אַ געוויסער גייסטיקער פּאָטענץ. דער בויגן איז אַ פאָרם־סימוואָל, וואָס האָט אין זיין אַנטוויקלונג באַשאַפן איינעם פון די גוואַלדיקסטע סטילן אין דער קונסט. און אפשר איז דאָס דער שטרעבן פון גוף און נשמה, וואָס זיינען דאָ אונטן, אויף דער זינדיקער ערד צושיידט און פיינטלעך, זיך צו באַהעפטן דאָרטן אויבן, אינם וויטן הימל, וואָס באַשאַפט דעם בויגן, די צוויי פּאַראַלעלע ליניעס, וואָס טרעפן זיך אויבן? און צי איז דאָס ניט דער אינעווייניגסטער מהות פון דער גאָטישער קירך?

יאָ, יעדער אמתער סטיל איז די פאַרקערפּערונג פון געוויסע הימלישע בענקענישן אין ערדישער געשטאַלט. דער אָנזאָג פון אַ נייעם לעבנשטייגער, וואָס ווערט אין דער וועלט געבאָר און שטרעבט — אַזוי אָדער אַנדערש — צו וועלט באַהערשונג.

## III. עקספּרעסיע און אימפּרעסיע.

שיינהייט איז דער קינסטלערישער פאַרגעפיל פון ,ער׳ צו־קינפטיקער לעבנסאָרגאַניזירטקייט. און קונסט איז דער עסטעטישער פּראָיעקט פֿון דער קומענדיקער עטיק און לאָגיק.

ווי ווערט אָט די פּראָיעקטן־וועלט געשאַפן? דער אַלגעמיינער סדר פון אָט דער וועלטן־באַשאַפונג איז: פון אויסנווייניק קיין אינעווייניק, פון דער ניטאָרגאַנישער נאַטור דורך דער אָרגאַנישער — צו דער מענטשלעכער נשמה, פון נאַטור צו קולטור. און אַזוי ווי דאָס שאַפן האָט צוויי פּאָליוסן: די מאַטעריע און דעם „גייסט", אַזוי זיינען אויך די מ ע ט אָ ד ן פון שאַפן דיאַמעטראַל פאַרשידענע:

1) אָדער גובר זיין די נאַטור=וועלט, זי קאַפּירנדיק לויט אירע אויסערלעכע קאָנקרעטע פאָרמען — ד. ה. א י מ פ ר ע ס י אָ נ י ז ם אינם ברייטסטן זין פון וואָרט. 2) אָדער באַהערשן ® דערוויילעסטעטיש—די נאַטור=וועלט, זי אויסדריקנדיק אין אייגענע פונם קינסטלער אַליין באַשאַפענע אבסטראקטע פאָרמען — ד. ה. ע ק ס פ ר ע ס י אָ נ י ז ם אינם ברייטסטן זין פון וואָרט.

אַן בעת מיר קוקן זיך צו צו דעם ביז איצט דורכגעגאַנגענעם וועג פונם מענטשלעכן קונסטשאַפן, זעען מיר, ווי בײַ זיין אַלגעמיינער ריכטונג פון דער אויסערלעכער הילע צום אינעווייניקסטן מהות, פלעכטן זיך שטענדיק אין אים דורך ביידע מ ע ט אָ ד ן פון שאַפן, דער אומפרעסיאָניסטישער און עקספרעסיאָניסטישער און בילדן דעם שטענדיקן זיגזאַג פון איין מעטאָד צום צווייטן.

אין דער אַלגעמיינער אופשטייגנדיקער ליניע צו וועלטבאַהערשונג טרעט דער מענטש אוף אין איין פעריאָד אַלס, ת ל מ י ד פון דער נאַטור — דאַמאָלס איז די קונסט אימפרעסיאָניסטיש. אָבער גלייך נוצט ער אויס זיין דערפארונג אין לערע פאַר זיין פרייער נאַטורבאַהערשונג — אין אַזוינע תקופות הערשט אין דער קונסט דער עקספרעסיאָניזם.

באַגינט דער מענטש זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אינם אויסערלעכן תהו ובהו פון דער אַרומיקער וועלט, ווערט זיין שיינהייטס אידעאַל אומווילקירלעך — דער אויסערלעכער ס ד ר, די נאַטור=פאָרם, דער „נאַטוראַליזם“, דער רעאַליזם פון די אויסווייניקסטע חושים. די העכסטע עסטעטישע דערגרייכונג איז דאַמאָלס — באַהערשן די אויבערפלאַך פון די אָביעקטיווע דערשיינונגען. דער מענטש פאַרוואַנדלט זיך באַוווּסטזיניק אין אַ געטרייעם אופנעם=אפּאַראַט פון די אַרומיקע נאַטוראיינדרוקן. און אויב עס געלינגט אים דערנאָך די איינדרוקן איבערצוגעבן אין אַ קונסטווערק, האַלט ער זיין אופגאַבע פאַר געלייזט. איז דאָס ניט דער מהות פונם אימפרעסיאניזם בכלל? און צי איז אין דעם זין דער אימפרעסיאָניזם ניט אַזוי אַלט, ווי די קונסט בכלל?

אָבער דערביי איז דער אמתער סוף=כל סופיקער ציל פון יעדער מענטשלעכער טעטיקייט — די נאַטורבאַהערשונג, פארט שטענדיק געשטאַנען פאַר די אויגן פונם קינסטלער. און ווי נאָר

דער תּלמיד פּלעגט דערשפּירן, אַז ער האָט דערגרייכט אַ געוויסע מדרגה פון מייסטערשאַפט אינם קאָפּירן די נאַטור, פּלעגט ער תּוכּף צוטרעטן אויסצופּראָבירן זיינע אייגענע כּחות אין פרייער זעלבשטענדיקער באַשאַפונג פון עסטעטישע וועלטפּראָיעקטן. אַרופלייגן אַף די פון אים געשאַפענע וועלטן דעם שטעמפּל פון זיין גייסט.

און צי איז ניט אָט דער אייביק יונגער שטרעבן קינסטלעריש צו דיקטירן דער וועלט די געזעצן פונם מענטשן־גייסט, דער אמתער מהות פון יעדן עקספּרעסיאָניזם? און צי איז אין דעם זין דער עקספּרעסיאָניזם ניט אַזוי אַלט, ווי די קונסט בכלל?

און אין לעצטן גרונד: צי איז ניט דער עקספּרעסיאָניזם דער ציל פון אַלע צילן אין יעדער קונסט?

און אויב די גאַנצע קונסטגעשיכטע איז אַ שטענדיקע זיגזאַג־ליניע פון אימפּרעסיע צו עקספּרעסיע, ווערט אָבער סוף כּל סוף די ע ק ס פּ ר ע ס י ע אַלץ מער דער אויבערשטער פּרינציפּ פון דער עסטעטיק, הן בנוגע צו די טרייבנדיקע כּחות פון קונסטשאַפן, הן בנוגע צו די קונסט־פאָרמען. און דאָס קומט פאַר אַזוי אָדער אַנדערש, פריער אָדער שפּעטער — אַפן גאַנצן שטח פון קונסטשאַפן — אין געשטאַלט, בילד, האַנדלונג, ליד און וואָרט

## IV. אַרכיטעקטור אַלס קינסטלעבע לאַנדשאַפט.

די אַלגעמיינע געשיכטסווּיסנשאַפט שטעקט נאָך אין קינדערשיך. אַזוי לאַנג ווי די געשיכטע האָט געמאַכט דעם מענטשן, און דער מענטש האָט געהאַט אַף דער געשיכטע גאָר אַ קליינע השפּעה, האָט דער מענטש נאָר געקאָנט מאַכן די ערשטע אומבאַהאָלפענע טריט אַף אַריינצודרינגען אין די סודות פון די היסטאָרישע געזעצמעסיקייטן. און נאָך בולטער ווייזט זיך דאָס אַרויס אין דער קונסטגעשיכטע, מיט אירע גייסטיקע באַהאַלטענע געזעצמעסיקייטן.

מיר ווייסן דעריבער היינט נאָך ניט, ווי לאַנג און ווי אַזוי די יונגע מענטשהייט האָט זיך געלערנט בײַ דער נאַטור קאָפּירן און באַהערשן אירע פאָרמען.

מיר ווייסן נאָר, אַז אינם אַלטן מזרח: עגיפּטן, אַסיריען און בבל האָט די מענטשהייט איבערגעלעבט דעם ערשטן און באַקאַנטן גרויסן אויפשוווּנג פון ציוויליזאַטאָרישער מאַכט אַלס

פועל־יוצא פון אַ לאַנגער היסטאָרישער דערפאַרונג און קאַמף.

די געלונגענע ציוויליזאַטאָרישע נאַטורבאַהערשונג האָט באַפליגלט דעם מענטשלעכן הערשערגייסט: עס ווערט געבאָרן די גרויסע בײַנקשאַפט נאָך אייביקייט, אומשטאַרבלעכקייט, וואָס ווערט דער טרײַבנדיקער כח פון דער גאַנצער אַלטער מזרח־קולטור — פון דער רעליגיע ביז דער רוים־קונסט. אומעטום בײַנקט און חלומט דער יונגער ערשט וואָס געוואָרענער מענטשן־גייסט וועגן אייביקער וועלט־באַהערשונג.

דאָ האָט געמוזט געבאָרן ווערן דער ערשטער בולטער עקספּרעסיאָניסטישער פּרווו אין דער קונסט. און אָנהייבן הייבט דער מענטש אָן אין זײַן הערשערדראַנג פון דער רוים וועלט:

נאָכדעם ווי דער מענטש האָט אין שווערן קאַמף מיט דער נאַטור (דערמאָנט זיך דעם קאַמף מיטן ניל!) אויסגעפּרווט זײַנע כחות און אַרויפגעלייגט אַפן לאַנדשאַפט דעם שטעמפּל פון זײַן קולטורגייסט, האָט ער געמוזט צוטרעטן צום עסטעטישן פּרווו: קינסטלעך (און איז דאָס ניט צוגלייך קינסטלעריש?) אַליין צו באַשאַפן אַ לאַנדשאַפט:

דער מזרח מענטש פּרווט זײַנע כחות אין אַ מין פרײַער וועלטבאַשאַפונג — און הייבט פאַרשטייט זיך, אָן פון דער אויסערלעכער מאַטעריעלער וועלט — עס ווערט געבאָרן די גרויסע מזרח־אַרכיטעקטור:

אַן אַלטער מזרח־טעמפּל איז אַ קאָלאָסאַלע קינסטלעך־באַשאַפענע לאַנדשאַפט, וואָס פאַרנעמט אָפט מערערע קילאָמעטער אין דער לענג און אין דער ברייט, מיט ריזיקע געבײַדן, טורעמס, קאָלאָנען, טעראַסן און פיגורן.

אַ פּרווו פון אַ מענטשלעכער מעשה־בראשית אין שטיין.

דערבײַ ווערט אויסגעאַרבעט אַן אייגענע „ניט־רעאַלע" פאָרמען־שפּראַך, אַ רײַ נשמה־סימוואָלן, געטריבן פון דער אייביקער בײַנקשאַפט צו אומשטאַרבלעכקייט און וועלט־הערשאַפט.

די פּיראַמידע, וואָס באַשאַפט אַליין אַ לאַנדשאַפט אין אַ סטיל, — דאָס שוועבן איבער דער רוים־וועלט די פליגלען פונם שאַפנדיקן מענטשנגייסט דער אַבעליסק, וואָס שנײַדט זיך אַרײַן אין ווײַטן הימל, ווי אַ התראה פון קומעניקער מענטשן־מאַכט.

דער ט ו ר ם פון בבל, וואָס ווי‏, זיין א טרעפ אין הימל אַריין, די טעראַסן־גערטנער, וואָס זיינען דער גן עדן אַף דער ערד.

דער ס פ י נ ק ס — דאָס וועלטרעטעניש, די חיה־פרוי, אַרויסגעשליידערט פון דער נשמה אין מעכטיקע שטיין־מאַסן.

און — די מ ו מ י ע, דער באַלזאַמירטער מענטשלעכער קערפער, וואָס וויל גובר זיין דעם טויט, ד ע ר ו ו י י ל אויסערלעך, רוימלעך, אַלס ערשטע מדרגה פון דער וייטערדיקער אַנטגילטיקער טויטבאַהערשונג.

די גאַנצע סטיליזאַציע־שפּראַך פון די עגיפּטישע און אסיראָ־באַבילאָנישע קונסט־סימוואלן אין דער סקולפּטור און מאָלעריי— דאָס איז אַלץ דער אויסדרוק פונם ערשטן מעכטיקן עקספּרעסיאָניסטישן קונסט־שאַפן, ווו עס הערשט דער פרייער מענטשלעכער ווילן.

און דער וועג פונם קינסטלערישן שאַפן איז דאָ א ווייטע און א פאַרוויקלטער:

פון דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט דרינגען אַריין די נאַטור־איינדרוקן אינם מענטשן־אויג. פונם אויג — צום גייסט, ביז זיינע טיפסטע אָפּגרונטן.

און דאָרטן אין דער נשמה קומט צו דער סודות־פולער פּראָצעס פון איבעראַרבעטן די נאַטור־איינדרוקן, זיי באַפרוכפּערן מיט נייע, אייגענע נשמה־אינהאַלטן און הערשער־כונות. און דאַמאָלס ערשט קומט דאָס אייגנטלעכע שאַפן: דאָס געבאָרן ווערן פונם קונסטווערק אַלס פּראָיעקט אין גייסט און — זיין אויספירונג אין אויסערלעכע אָבער פרייע — באַשאַפענע ניט פשוט קאָפּירטע רויספאָרמען און סימוואָלן.

און דאָס איז דער וועג פון יעדן עקספּרעסיאָניסטישן קונכטשאַפן.

## V. סקולפּטור אלס קינסטלעכע מומיע

און בעת דער פּראָיעקט פון א אייגענער לאַנדשאַפט איז געוועזן פאַרענדיקט, די פּיראַמידע, דער טורעם און דער אבעליסק האָבן זיך שוין געריסן אין הימל אַריין, דאַמאָלס האָט די מענטש־הייט זיך אַף א געוויסע צייט „באַרואיקט". מען האָט זיך באַדאַרפט

גרייטן צו אַ נייעם אָנגריף אַף די נאַטורוועלט. און דערצו האָט מען געדאַרפט קלייבן פרישע כוחות.

צו אָט דער נייער אָנזאַמלונג פון כחות און דערפאַרונג האָט די מענטשהייט אויסגעקליבן דעם קינדעריש רואיקן לעבן פון די ג ר י כ ן. דאָ אַרום דעם געטלעך־מענטשלעכן אָלימפּ האָט זיך דעם מענטשנס אויג אַנטפּלעקט די שיינקייט פונם פולקומענעם מענטשלעכן גוף.

דער יחיד מיט אַלע זיינע פיזישע און גייסטיקע פּראָבלעמען מיט זיין „סאָמאַ“ (גוף) און זיין „פּסיכע“ (נשמה) ווערט דער צענטר פון דער נייער גריכישער קולטור. און די ווייטע קאָסמישע מזרח־געטער ווערן דאָ אַראָפּגעפירט אַפן פרידלעכן און ערדיש־גליקלעכן אלימפּ און ווערן דאָ אינגאַנצן פ אַ ר מ ע נ ט ש ל ע כ ט. און די גאַנצע גרויסע וועלט ווערט אויסגעדריקט אין ריין מענטש־לעכע, אַנטראָפּאָמאָרפע סימוואָלן און געשטאַלטן.

און אָט דער מענטש, דער קעניג פון דער נאַטור, האָט געצויגן צו זיך און געריצט די פאַנטאַזיע פונם קינסטלער און ס'ווערט רייף די מוראדיק דרייסטע אויפגאַבע:

באַשאַפן — אַ ל י י ן באַשאַפן קינסטלעך־קינסטלעריש אָט דעם גאָט־מענטש. און דער גאַנצער פּאַפּאָס פון דער גריכישער קולטור־נשמה קאָנצענטרירט זיך אַף דער אויפגאַבע.

נאָר ווי טרעט מען צו צו אַזאַ קאָלאָסאַלער אויפגאַבע — דעם גרויסן המשך פון דעם אַלטמזרחדיקן באַשאַפן די קינסטלעכע אומבאַלעבטע לאַנדשאַפט־וועלט?

פאַרשטייט זיך, פון אויסווייניק, — פון דער אויבערפלאַך פונם מענטשלעכן גוף. און ס'הייבט זיך אָן די וויסנשאַפטלעך־גענויע אויספאָרשונג, און קאָפּירונג פונם מענטשלעכן קערפּער אין אַלע זיינע זעבאַרע פיזישע און גייסטיקע אַנטפּלעקונגען.

און ס'ווערט געבאָרן די ג ר י כ י ש ע ס ק ו ל פּ ט ו ר, די מענטשלעך־געטלעכע ס ט אַ ט ו ע, וואָס ווערט אין אַלע פּרטים דער צענטר פונם גאַנצן פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פונם אַלטן גריכישן פאָלק. די סטאַטוע ווירקט ווי אַ סטיל־שאַפנדיקער כח אַף אַלע געביטן פונם גריכישן קולטורלעבן, אָנהייבנדיק פון דער אַרכיטעקטור און ענדיקנדיק מיט דער דראַמע און רעליגיע.

## VI מאלעריי אלס וועלטבאשאפונג אין פארב.

בעת דער מענטש האָט אויסגעדריקט זיין וועלטהערשער חלום אין דריידימענזיאנאלע סימוואָלן, איז זיין גאַנצער עסטעטישער שאַפונגספּאַפּאָס געווען קאָנצענטרירט צוערשט אַף דער „וועלטבאַשאַפונגס אַרכיטעקטור", דערנאָך אַף דער מענטשן־קאָפּירנדיקער סקולפּטור, אַף דער קינסטלעכער מומיע.

דער קינסטלעכער לאַנדשאַפט פונם אַלטן מזרח האָט זיך אַרויסגעוויזן — אַלס קינסטלערישער עטאַפּ אין דער נאַטורבאַהערשונג.

און אַף דער קינסטלערישער אָפּשפּיגלונג פונם מענטשן אין דער אַנטיקער סקולפּטור האָט זיך דער זוכנדיקער מענטשן־גייסט אויך ניט געקאָנט באַרואיקן.

די עסטעטישע וועלטבאַהערשונגספּרוּוון האָבן זיך געמוזט ווייטער אַנטוויקלען אין מער פאַרגייסטיקטע פאָרמען.

דער אונטערגאַנג פון דער אַנטיקער ציוויליזאַציע און די לאַנגע געבורט לײדן פון אַ נייער געזעלשאַפט, וואָס טראָגט דעם נאָמען מיטלאַלטער, האָבן אַרויסגערופן אין דער נשמה פון דער מענטשהייט דעם עסטעטישן רעצידיוו פון דער אַלטאָריענטאַלישער אַרכיטעקטור אין אַ נייער פאַרגייסטיקטער פאָרם — פון דער גאָטיק.

פונקט ווי דער אַלטער קריסטנטום איז דורכגעדרונגען מיטן שטרעבן צו באַהערשן דעם מענטשלעכן גשמיות דורכן רוחניות, אויך אַזוי וויל די גאָטישע קונסט אַריינכשופן אין דער מאַטעריע דעם מאַקסימום פון גייסט. און דאָס פירט צו אַ נייעם עקספּרעסיאָניסטישן אופשוונג אין דער קונסטגעשיכטע.

אַ מוראָדיקער מעטאַפיזישער כח באַקומט דאָ זיין פאַרקערפּערונג אין עסטעטישע פאָרמען, און אַ פייערדיקע גן־עדן־בייִנקשאַפט טרייבט אַרוף פון דער ערד צום ווייטן הימל קאָלאָסאַלע שטיין־ און מעטאַל־מאַסן, אָרגאַניזירטע לויט געוויסע פּרינציפּן פון רוים־פאַרגייסטיקנדער מאָלערישקייט באַלעבט דורך אַ פאַרצווייגטן סיסטעם פון ליכט־ און פאַרבן־עפעקטן.

און אָט די מאַלערישקייט פירט אַרויס סוף כל סוף דעם גאָטישן דריידימענזיאָנאַלן קונסטרעצידיוו אָפּן וועג פון אָריגינעלן

ווייטערדיקן קונסטשאַפן אין נייע פאַרגייסטיקטע צווײדימענזיאַנאַלע פאָרמען — אין דער מאָלעריי, וועלכע ווערט דער אָרגאַניזירנדיקער מיטל־פונקט פון אַלע קונסט כּוונות פון דער רענעסאַנס.

אין דער פּערזענלעכקייט פון די גרויסע רענעסאַנס־מייסטערס — לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, מיקעלאַנדזשעלאָ און ראַפאַעל — לעבט די מענטשהייט איבער דעם ווייטערדיקן עטאַפּ פון מעשה בראשית, שוין ניט אין שטיין, נאָר אין ליניע און *פאַרב*. און ס'איז דאָך געוויס ניט קיין צופאַל, וואָס די גאַנצע וועלטבאַשאַפונג, ווי די מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט זי צום ערשטן מאָל איבערגעלעבט און אויסגעדריקט אין דער ביבל, גייט פאַרביי פאַר אונזערע אויגן אין קאָלאָסאַלע צווײדימענזיאָנאַלע פאַרבן־סימוואָלן פון די גרויסע רענעסאַנסמאָלערס.

דער גאַנצער מעכטיקער אופשווונג פון דער מאָלעריי, אָנהייבנדיק פון לעאָנאַרדאָ און ענדיקנדיק מיט רעמבראַנד, איז דעריבער, אין תּוך גענומען, אַ עסטעטישע פּראָיעקציע פון די אַלטע עטיש־גייסטיקע אידייען, וואָס זיינען אַנטהאַלטן אינם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט. — אַ *מאָלערישער* סימוואָלן קאָמענטאַר צו דער נאַאיווער קאָסמאָגאָניע פון מעשה בראשית. און אין דער אייגענער צייט — אַ ווייטערדיקער שריט אויפן וועג, וואָס פירט דעם מענטשן פון נאַטורקאָפּירונג צו נאַטורבאַהערשונג.

*קאָפּירן* די נאַטור אין דער מאָלעריי, אויף אַ צווײדימענזיאָנאַלער פלאַך, אין ליניע און פאַרב, הייסט פון אָנהויב אָן זיי „פאַרגייסטיקן”, זי דורכלאָזן דורך דער פּריזמע פון דער מענטשלעכער איבערלעבונג, באַשאַפן אַ ריי סטיליזאַציע־סימוואָלן, כּדי אָט די נאַטוראיינדרוקן אויסצודריקן.

וואָס איז די *לאַנדשאַפט*־מאָלעריי מיט די פּערספּעקטיוו־לופט און ליכט־פּראָבלעמען, אויב ניט די גייסטיקע איבערלעבונג פון דער וועלטאַנשויאונג דורכן קינסטלער און זיין פּרווו מיט אייגענע כּוחות דאָס אויסצודריקן?

וואָס איז דער *היסטאָרישער* זשאַנר אין דער מאָלעריי, אויב ניט דער ערשטער מענטשלעכער פּרווו צו „באַהערשן” די געשיכטע, ווילאַנג עס איז נאָך ניט מעגלעך אין דער קעגנוואַרט און צוקונפט, איז דערווייל אין דער פאַרגאַנגענהייט?

און דער *פּאָרטרעט*? איז דאָס ניט דער ערשטער

עסטעטישער דרייכטער צוגאַנג צו אַ פרייער כאַראַקטער־באַשאַפונג אַפן יסוד פון פאַראיינצלטע, צעפּיצלטע נשמה־איינדרוקן, וואָס דער קינסטלער האָט געהאַט פונם געגעבענעם מענטשן?

און צי קאָן מען דאָ אַלעמאָל אָפּגרעניצן דאָס קאָפּירן פונם שאַפן, דאָס איבערגעבן פונם געבן?

דעריבער איז דאָ אין דער מאָלעריי דאָס לערנען בײַ דער נאַטור און דאָס באַהערשן די נאַטור אַלע מאָל געגאַנגען אַסך מער האַנט בײַ האַנט, ווי אין דער דריידימענזיאַנאַלער רוים־קונסט. דעריבער זיינען דאָ דער אימפּרעסיאָניזם און דער עקספּרעסיאָניזם אַלעמאָל געווען איינגער דורכגעפלאָכטן. און אַ שטרענגע אָפּגרעניצונג פון ביידע ריכטונגען אין דער געשיכטע פון דער מאָלעריי וועט מוזן זיין סכעמאַטיש, — געקינסטלט. נאָר אין מאַנכע מאָמענטן טרעט ארוים דער אָדער יענער מעטאָד אַפן ערשטן פּלאַן און לייגט אַרויף זיין בולטערן שטעמפּל אָף דער קונסט פון דער תקופה.

בײַ די גרויסע רענעסאַנס־מייסטערס האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט אַ געוויסער גלייכגעוויכט צווישן דער קלאַסישער אימפּרעסיע און דער גאָטישער עקספּרעסיע.

דער מעכטיקער נשמה־אימפּעט ווערט אַריינגעגאָסן אין מער אָדער ווייניקער נאַטוראַליסטישע אויסדרוקפאָרמען.

מיט דער אַלץ וואַקסנדיקער פאַרטיפונג פון דער מאלעריי אין די גייסטיקע אוצרות פון דער מענטשלעכער נשמה, טרעט דער עקספּרעסיאָניסטישער מאָמענט אַלץ בולטער אַרויס אויך אין די אויסדרוקפאָרמען. די אָביעקטיוו־מאַטעריעלע פאָרמען־וועלט איז בײַ רעמבראַנדן אַסך מער דורכגייסטיקט און דורכגעוועבט מיט מענטשן חלומות און גייסט־כוונות ווי אין דער רענעסאַנסמאָלעריי. און ניט בײַ זערקנדיק, גייט דער קינסטלער אַריבער אין דער מאלעריי פון קאָפּירן די נאַטורפאָרמען צום אַריינדרינגען אין זייער אָרגאַנישן מהות, כדי דערנאָך זיי אונטערטעניק צו מאַכן זיינע הערשאַפט־שטרעבונגען.

בעת אָבער עס קומט אַ תקופה, ווען דער מענטשן־גייסט איז מיד און נויטיקט זיך אין אַ אָפּאָטכונג, דאַמאָלט טרעט דער אימפּרעסיאָניזם ארויס אַפן ערשטן פּלאַן.

אין דער צווייטער העלפט פון XIX יאָרהונדערט, דעם יאָרהונדערט פון אומבאַגרענצטער מאַשינען־הערשאַפט איבערן מענטשן, װעלכן די מאַשין האָט געשטרעבט צו פאַרוואַנדלען אין אַ באַוועגלעכן צוגאָב צו איר, אין דער צייט פאַלט אויס, ניט צופעליק, פאַרשטייט זיך, דער גלאַנץ פעריאָד פון דעם אימפּרעסיאָניזם אין דער מאָלעריי. ער ווערט דער טאָנגעבער אין דער קונסט. ער פאַרוואַנדלט דעם קינסטלער אין אַ „אָביעקטיוון" פילטער פון די אַרומיקע נאַטוראיינדרוקן.

דער אימפּרעסיאָניזם איז באַשיידן. ער וויל ריכטיק זען און זיך לערנען דאָס געזעענע אויסדריקן, א י ב ע ר ג ע ב ן.

דאָס ג ע ב ן פונם אינעווייניקסטן נשמה־אוצר פונם קינסטלער מוז דערביי אָפּטרעטן אַפן צווייטן פּלאַן.

און זאָל די פ אַ ר ב אַליין ריידן, און זאָל די נשמה זיך ניט רייסן אַף די גלייכע ווענט. דאָ מוז ריידן — „די נאַטור".

אָבער אין דעם מאָמענט, בעת דער פרייער מענטשן־גייסט האָט נאָר דערשפּירט דאָס אָנקומען פון דער נייער קאָלאָסאַלער אַנטפּלעקונג פון מענטשלעכער מאַכט, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער פאַרניכטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער מאַשינען הערשאַפט איבערן מענטשן, אין דעם אייגענעם מאָמענט, הייבן זיך אָן באַווייזן אין דער קונסט אַלץ מער און מער צייכנס פון אַן אָנקומענדיקן נייעם עקספּרעסיאָניסטישן אויפשוונג אין דער עסטעטיק.

עס וואַקסן אויס ווי שוועמלעך א ריי נייע „איזמען": קוביזם, פוטוריזם, אימאַזשיניזם, סופּרעמאַטיזם און אַך אַנדערע עקסטרע־מיסטישע קונסטריכטונגען, וועמענס הויפּטאויפגאַבע עס איז — קודם כּל צעשטערן די אַלטע קונסט טראַפאַרעטן און קונסט־געוואוינהייטן. און אַלע די ריכטונגען גיסן זיך סוף כּל סוף צוזאַמען אין איין גרויסן עקספּרעסיאָניסטישן קונסט־שטראָם.

אין אָט דער דורות לאַנגער געשיכטע פון דער מאָלעריי האָט דער שאַפנדיקער קינסטלער דורכגעמאַכט דעם שווערן וועג: פונם אָפּקוקן בײַ דער נאַטור אירע געהיימנישן און זיי אימפּרע־סיאָניסטיש פאַרפיקסירן — ביזן ריך ווערן אין דעם קינסטלערס נשמה פון נייע וועלט אויפבויאונגס מעגלעכקייטן, געבאָרענע אינם פרייעם מענטשן־גייסט, און זייער אויסדרוק אין עקספּרעסיאָניסטישע וועלטצעשטערונגספּראָיעקטן אַלס ערשטע שטופּע פון אייגענע וועלט־

באַהערשונגס פּראָיעקטן. אין דער היינטיקער קונסט הערשט נאָך צערזעצנדיקער אַנאַליז — אין אַ צוּבראָכענע און צושפּאָלטענע וועלט פון שאַרבלעך. און מאָרגן קומט — דער אויפבויענדיקער סינטעז: מיט זיינע ניט געחלומטע נייע ווייטע האָריזאָנטן.

## VII טעאַטער אַלס באַשאַפענע געשיכטע.

און בעת די מאָלעריי האָט שוין אויך אַרויסגעזאָגט איר וואָרט אין דער אָפּשפּיגלונג פון די מענטשלעכע מאַכטפּאָרגעפיל, און נאָכדעם ווי זי האָט שוין טיף אַריינגעקוקט אין דער נשמה און זי פאָרטרעטירט אין פאַרבן-פלעקן, דאַמאָלס איז געקומען די צייט פאַרן טעאַטער איבערצונעמען די העגעמאָניע אין דער ווייטערדיקער מענטשלעכער מאַכט-אַנטפּלעקונג:

אויב דער היסטאָרישער זשאַנר-מאָלער „מאַכט" די געשיכטע אָהן לייוונט, גייט דער דראַמאַטורג ווייטער — ער „מאַכט" זי אַף דער סצענע אַלס פרייע געשאַפענע האַנדלונג. ער רעזשיסירט די געשיכטע באַוווסטזיניק, אַלס פרייער קאָמבינאַטאָר פון כחות.

און אויב דער פּאָרטרעטמאָלער כּשופט אַריין דעם מענטשן-כאַראַקטער אין פאַרבן-פלעקן, שאַפט דער דראַמאַטורג פון איינצעלנע מער-ווייניקער צופעליקע מעשים פון יחידים, אַ טיפּישע לעבעדיקע געשטאַלט מיטן שטעמפּל פון זיין סוווערענעם שאַפער-גייסט.

ווער האָט אַזוי טיף און אַלזייטיק איבערגעלעבט, באַזונגען און באַהערשט די ענגלישע געשיכטע, ווי שעקספּיר?

צי זיינען זיינע קעניג-דראַמען ניט „ריאַלער", לעבעדיקער ווי די גאַנצע ענגלישע געשיכטליטעראַטור?

און אפשר האָט שעקספּיר באמת אַסך מער „געמאַכט" די ענגלישע געשיכטע ווי אַלע זיינע היינריכס און ריטשאַרדס?

און דער מענטש, דער אַלמענטש מיט זיין גאַנצער גאַמע געפילן, שטימונגען. ווער האָט אים אַזוי „געקנעטן", אַזוי פריי באַשאַפן, ווי שעקספּיר אין זיין קאָלאָסאַלער גאַלעריי פון טיפּן — אומעטומיקע, אַלעמאָליקע?

צי איז האַמלעט ניט אמתער, רעאַלער פאַר אַלע „זיין-אָדער-ניט-זיין"-מענטשן פאַר אים און נאָך אים? און דאָס אייגענע אָטעלאָ, מאַקבעט, שיילאָק א. א. וו.?

טרעט דאָ אומעטום דער קינסטלער ניט אַרויס אַסך בולטער ווי ביז איצט אַלס פריער באַהערשער פון דער פסיכאָלאָגישער לעבנסטיכיע?

און אין דער אייגענער צייט, בעת שעקספיר שאַפט זיינע דראַמאַטישע עקסטראַקטן פון דער ביזאַנטיקער מענטשן־אַנטוויקלונג, שאַפט מ אָ ל י ע ר זיינע קאָנצענטרירטע בילדער פון דער מענטשן־נאַטור אין די קרומע שפּיגלען פון זיינע ק אָ מ ע ד י ע ס. און ווידער אַמאָל גייט פאַר אונז פאַרביי די גאַנצע גאַלעריע פונם מענטשלעכן, צו מענטשלעכן לעבן אַ סך „לעבעדיקער" רעאַלער ווי דאָס גאַנצע אַרומיקע איינצללעבן.

מיט שעקספּיר און מאָליער האָט דער טעאַטער זיין אָ ר י ג י נ ע ל אייגן וואָרט אין דער אַנטפלעקונג פון דער קינסטיקער מענטשנמאַכט אַרויסגעזאָגט, און ווייטער גייען שוין וואַריאַציעס אַף די אייגענע טעמעס.

צי איז אין שעקספירס און מאָליערס דראַמאַטורגיע דער עקספּלעסיאָניסטישער מאָמענט ניט אַזוי בולט, ווי דער אימפּרעסיאָניסטיער? און אויב דער ט ע אַ ט ע ר געפינט זיך נאָך אין אַלגעמיין אין די נעצן פון די אימפּרעסיע, איז דאָס - די הערשאַפט פונם אימפּרעסיאָניזם אין דער דריי־ און צוויי־דימענזיאָנאַלער ט ע כ נ י ק פון דער ס צ ע נ ע.

## VIII מוזיק, אלס אפגעהאַרכטער ריטם פון וועלטבאשאפונג.

און נאָכדעם ווי דער מענטש האָט שוין אויסגעפּרוווט זיינע כּחות אַף רעסטאַווּרירן די געשיכטע און באַשאַפן מענטשן־גורלס אַף דער סצענע, האָט זיך פאַר זיין עסטעטישן הערשער־ווילן אוועקגעשטעלט די אופגאַבע — זיך נאָך טיפער אַראָפּצולאָזן אין דער גייסטיקער וועלט און אָפּהאָרכן אין אירע טיפענישן אירע פאַרבאָרגנסטע סודות.

נאָכדעם ווי דער מענטש האָט געפּרוווט אָפּקוקן בא דער נאַטור דעם ס ט י ל פון איר שאַפן און אַנטפלעקן זיינע מענטשלעכע ש אַ פ ו נ ג־ס ט י ל ן, האָט ער זיך גענומען אָפּהאָרכן בא דער נאַטור דעם ר י ט ם, די מעלאָדיע פון איר שאַפן, כּדי דערנאָך צו אַנטפלעקן זיין אייגענעם שאַפונגסריטם און שאַפונגס־מעלאָדיעס.

אין איין יאָרהונדערט קאָנצענטרירן זיך די גייסטיק־קולטורע־לע הערשערכּונות פונם מענטשן אין דער מוזיק. דאָס אין ד' תּקופה פון באך, מאצארט, בעטהאווען, וואגנער.

— אין דער סימפאָנישער מוזיק פון אָט דער תּקופה לעבט איבער די מענטשהייט איר עסטעטישע מעשה בראשית שוין ניט אין גשמיות, נאָר אין רוחניות, אין טענער און קלאַנגען.

די ניין סימפאָניעס פון בעטהאָווען זיינען — דאָס איבער־לעבן פון דער וועלט באַשאַפונג אין דער פערטער דימענזיע.

די גאַנצע גאַמע נאַטור־איינדרוקן, אנגעזאפּט מיטן גאַנצן פּאַפּאָס פונם מענטשלעכן מאַכט־דאָרשט בויט דאָ פאַר אונזער גייסט אַ וואונדערבאַרע וועלט, מיר שפּירן אין איר דעם ריטם פון דער וועלט באַשאַפונג, וועלכן דער קאָמפּאזיטאר האָט מיט זיין אינטואיציע אָפּגעהאָרכט בא דער נאַטור און די טענער רופן אַרויס אין אונזער גייסט דעם אָפּקלאַנג פון דער וועלטהאַרמאָניע און דאָס פרייידיקע באַוווסטזיין:

— מיר האָבן שוין דעם וועלט־ריטם דערשפּירט, מיר וועלן אים פריי באַהערשן.

איז דאָס ניט דער תּמצית פון דער התלהבות, וואָס יעדער אמת מוזיקאַלישער קונסט ווערק רופט אַרויס בא יעדן קולטור־מענטשן ? —

דעריבער איז יעדע אמתע מוזיק — עקספּר.סיע, אַף וויפיל זי איז ניט פּשוטער נאַטוראָפּקלאַנג אָדער שאַבלאָניקע וואריאַציעס פון אָפּגעקלונגענע מעלאָדיעס אָדער טויטע מאַטע־מאַטישע טענערקאָמבינאַציעס.

דעריבער קאָן אין בעטהאָווען יעדער אַריינלייגן און אַריינלעבן אלץ. דעריבער וועט די מוזיק באַגלייטן דעם מענטשן אַף די ווייטע וועגן, וווהין עס טרייבט אים זיין הערשערדראַנג.

## IX פּאעזיע אלס וועלטבאשאפונג אין דער פאַנטאזיע.

הייזער — האָט מען, פאַרשטייט זיך, געבויט אויך פאַר די עגיפּטער און אסירער. אָבער קיין גרויסע ארכיטעקטורסטילן זיינען דאַכט זיך, ביז זיי ניט באַשאַפן געוואָרן.

סטאטועס האָט מען געמאַכט אויך פאַר די גריכן, אָבער קיין זעלבשטענדיקע גרויסע סקולפּטורקונסט איז פאַר די גריכן ניט באַשאַפן געוואָרן.

בילדער האָט מען, אוודאי געמאָלן אויך פאַר דער רענע־סאַנס־צייט, נאָר קיין אווטאָנאָמע מאָלעריי אַלס צענטראַלער קולטור־אָרגאַניזירנדיקער כּח, איז ביז די רענעסאַנסמייסטערס ניט באַשאַפן געוואָרן.

טעאַטער־פאָרשטעלונגען זיינען אַלט ווי די געזעלשאַפט אַליין, אָבער די דראַמאַטורגיע אַלס פרייע קונסט, וואָס „מאַכט" געשיכטע אין כאַראַקטערטיפּן, ווערט באַשאַפן ערשט דורך שעקספּיר און מאָליער.

מיט מוזיק האָט די מענטשהייט זיך פאַרנומען פון אירע ערשטע קינדעריאָרן אָן, אָבער מוזיק אַלס סוווערענע קונסט פון טאַנאַלער וועלט־באַשאַפונג איז צונויפגעבונדן מיט די נעמען פון באַך, מאָצאַרט, בעטהאָווען.

און — ווען האָט דער מענטש ניט אויסגעדריקט זיין פרייד און זיין לייד אין וואָרט?

די עלטעסטע פאָרם פון פּאָעזיע איז די פאָלקס־פאָלאָגיע, דער פרווו איבערצולעבן די וועלטבאַשאַפונג אין אַנטראָפּאָמאָרפע בילדער. מיטאָלאָגישע פאָלק־פּאָעזיע — איז ווידעראַמאָל — מעשה בראשית אין פאַנטאַזיע־פאָרשטעלונגען. און אויך דאָ פּלאָנטען זיך שטענדיק דורך די אימפּרעסיאָניסטישע און עקספּרעסיאָניסטישע מאָמענטן. ניט אַלעמאָל איז דאָ מעגלעך אָפּצוגרעניצן דעם ליטעראַרישן אויסדרוק פון דער ביזאַנטיקער מענטשלעבער דערפאַרונג אין דער נאַטורבאַקעמפונג פון די צוקינפטיקע הערשערן חלומות און שאַפונגס כּוונות, וואָס דרעמלען אין די טיפענישן פון דער פאָלק־נשמה.

אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור קאָן מען אַלגעמיי בלי ספק אָנמערקן תקופות, בעת די נאַטור־מענטשן און בכלל וועלט־באַשרייבונג איז געשטאַנען אין צענטר פון דער ליטעראַרי־שער טעטיקייט, און אַזוינע תקופות, בעת די סוווערענע גייסטיקע וועלטן קאָנסטרוקציע האָט אַרופגעלייגט אַף דער ליטעראַטור דעם שטעמפּל פון עקספּרעסיאָניסטישן שאַפן.

די אימפּרעסיאָניסטישע תקופות אין דער ליטעראַטורגעשיכטע שטייען אונטערן צייכן פון רעאַליזם, נאַטוראַליזם, פּאָזיטיוויזם. און די עקספּרעסיאָניסטישע פּעריאָדן טראָגן אַף זיך דעם שטעמפּל פון ראָמאַנטיזם, סימבּאָליזם, פוטוריזם און אַ גאַנצע ריי נייע

„איזמען“ פון אונזער צייט; ווי אימאזשיניזם, אקמעאיזם, דאדאע־איזם, אינטראָספּעקטיוויזם א. אז. וו. — און אַלע פליסן זיי אַריין אינם ברייטן עקספּרעסיאָניסטישן שטראָם פון דער נייער דיכטונג.

און בעת מיר קלייבן זיך פאַנאַנדער אין די גרויסע סטימולן פון דעם ליטעראַרישן שאַפן פון אונזער תקופה, שטויסן מיר זיך אָן אָן די צוויי קאָלאָסן פון דער רוסישער ליטעראַטור— דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי, אלס מעכטיקסטער אויסגאַנג פונקט און טרייבנדיקער כח פון דעם נייעסטן ליטעראַרישן אופשוואונג. און ווי אַף אַלע קולטורגעביטן שטייט אויך די נייע וועלט ליטעראַטור אונטערן צייכן פון עקספּרעסיע.

## X אימפּרעסיאָניזם און עקספּרעסיאָניזם.

דאָס זיינען צוויי שונאים, וואָס האָבן שטענדיק און אַף אַלע קונסטגעביטן געפירט צווישן זיך אַ פאַרביטערטן קאַמף.

די קונסט האָט שטענדיק געצויגן איר יניקה פון די צייט־ און מאַסן־שטימונגען, וואָס האָבן געלעבט אין דער געזעלשאַפט. דאָס האָט אַלעמאָל געשאַפן דעם „ארוף“ און „אַראָפּ“ אין דער קונסט.

היינט אין אונזערע שטורעמטעג איז דער היפּוך בולטער, ווי ביז איצט. ביידע ריכטונגען האָבן קלאָר פאָרמולירט זייערע גרונט־עיקרים.

אין יסוד פון אָט דעם היפּוך ליגט סוף כל סוף די סתירה פון די צוויי וועלט־צוגיינג, וואָס לעבן אין אונזער היינטיקער געזעלשאַפט:

1) דער ביזאַיצטיקער לעבנשטייגער איז גאָרניט אזוי שלעכט, מען זאָל אים דאַרפן עוקר מין השורש זיין. און אויב עס זיינען אין אים פאַראַן חסרונות, דאַרף מען זיי פּאַוואָליע אויסבעסערן.

2) די היינטיקע געזעלשאַפט איז דורכגעפוילט דורך און דורך און זי מוז איבערגעבויט ווערן אַף נייע יסודות, אויב ניט וועט זי פאַרזינקען אין תהום פון צעפאַלונג און מאַראַזם.

דער היינטיקער עקספּרעסיאָניזם איז אַן אָפּשפּיגלונג פון אָט דעם צווייטן וועלטבאַנעמען. ער איז די נבואה פונם זיך באַפריי־ענדיקן מענטשנגייסט. ער פאַרקערפּערט אָט דעם גייסט און באַ־נוצט זיך צו דעם צוועק מיטן גאַנצן אַרסענאַל פון דער אָביעקטיווער

נאַטורוועלט, ווי מיט פּשוטע מיטלען, דעם קינסטלערס ווילן איז דאָ ניט געבונדן אָן קיינע באַשטענדיקע פאָרמען=קאָמבינאַציעס, צו וועלכע אונזערע חושים זיינען צוגעוווינט דורך אָביעקטיווער טאָג-טעגלעכקייט.

דער עקספּרעסיאָניזם איז קודם כל אַ אינעווייניקסטער טרייבנדיקער כּח, וואָס וויל, פאַרשטייט זיך, זיין אויך אַ פּ... פאָרמשאַפנדיקער פּרינציפּ. — דאָרטן אָבער, ווו עס פעלט אָט דער אינעווייניקסטער כּח און עס הערשט נאָר די אויסערלעכע מאַניר, דאָרטן איז—מאָדערנע קונצנמאַכעריי אָן יעדן קונסט-ווערט.

אינם עקספּרעסיאָניזם אין דער מעכטיקער קאָכמישער פאַרנעם פּונקט אַזוי נאַטירלעך און אָרגאַניש, ווי אין דער הײַנטיקער אַלגעמיינער רעלאַטיוויטעטס טעאָריע אַפן געביט פון וויסנשאַפט.

דער מענטש איז דער מיט, אין צענטר. ניט נאָר אינם צענטר פון דער ערד, נאָר פונם איינהייטלעכן וועלטגאָר.

פאַר די, וועמעס לעבנסגעפיל עס איז פאַראַנקערט טיף אין דער אַליינצופרידנקייט מיטן האַלבטויטן הײַנטיקן נישט „קאָסמאָס" עס ענדיקט זיך באַם שוועל פון זייער הייליקן אייגנס, פאַר זיי איז די עקספּרעסיאָניסטישע קונסט — ריינער משוגעת, גרויסקייט=משוגעת.

זיי האָבן אין תוך נאָך ניט באַנומען אפילו די קינסטלערישע דערגרייכונגען פונם אימפּרעסיאָניזם אין 19 יאָרהונדערט, וואָס האָט באַשאַפן אַ פרייען וועג פאַרן עקספּרעסיאָניזם.

דער אימפּרעסיאָניזם ליגט אין יסוד פון זיין שאַפן חושימדיקע וועלט=איינדרוקן, קודם כּל אָפּטישע און אַקוסטישע. ער שאַפט פון זיי אַן אָפּבילד, אָדער ריכטיקער אַ נאָכבילד פונם לעבן. זיין העכסטער געזעץ איז די אַלגעמיינע לאָגיק פונם אויג, פונם אויער, בכלל פון די חושים. און פּונקט אַזוי ווענדעט ער זיך מיט זיין שאַפן אויך צו די חושים פונם עולם. אַלע לעבן איבער דאָס אייגענע טאָגאַיין טאָגאויס. און עס האָבן זיך אויס=געבילדעט פעסטע פאַרגליווערטע אַסאָציאַציעס פון אויסערלעכע צייכנס און אינערלעכע טראַפאַרעט איבערלעבונגען. דעריבער איז די אימפּרעסיאָניסטישע קונסט געוויינלעך לייכט פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען.

אין תּוך געגומען, קאָן די אייגענע ווירקונג דערגרייכט ווערן דורך קונסט־פאָטאָגראַפיע.

דעם יסוד פונם עקספּרעסיאָניזם בילדן אוממיטלבאַרע גייסטיקע איבערלעבונגען. ער שאַפט דעריבער ניכער פּאָרבילדער פונם אָביעקטיוון לעבן. דער עקספּרעסיאָניזם וויל באַשאַפן אן אייגענע שפּראַך — פון גייסט צו גייסט. די חושים זיינען דאָ פשוטע שלוחים. און אזוי ווי ניט די חושים האָבן דאָס קונסטווערק באַשאַפן, קאָן מען עס אויך ניט אופנעמען, איבערלעבן נאָר מיט די חושים.

דער עקספּרעסיאָניסט, יעדער עקספּרעסיאָניסט שטרעבט אליין, פאַר זיך צו באַנעמען די וועלט און אַף אזוי פיל באַנעמט ער זי אייגנאַרטיק צום ערשטן מאָל און ניט לויט די פעסטע אַנאַלאָגיעס פון דער ביזאיצטיקער חושימדיקער דערפאַרונג. דאָס מאַכט דעם עקספּרעסיאָניזם אָפּט אומפאַרשטענדלעך. און דער צוגאַנג אליין צום עקספּרעסיאָניזם מיטן ביזאיצטיקן מאָס פון „פאַרשטיין" איז אַ פאַלשער. דאָ מוז מען זיך ניט נאָר צוקוקן און פאַרשטיין, נאָר קודם כל זיך אריינפילן, אריינלעבן אינם קינסטלערס שאַפונגס־כּונות, אין דער וועלט, וואָס איז פול מיט „נסים ונפלאות".

דאָס אמתע עקספּרעסיאָניסטישע קונסטווערק איז אַ נייער אָרגאַניזם, דורך מענטשן־גייסט געבאָרן.

אימפּרעסיאָניזם איז דאָס געוואָרענע, די פאַרגאַנגענהייט, דאָס רוימלעך־פאַרגליווערטע — דאָס אַלגעמיינע.

עקספּרעסיאָניזם איז — דאָס ווערנדיקע, די צוקונפט, דאָס גייסטיק־אינדיווידועלע.

## IX נאַטור-סיושעט און גייסט-קאָנסטרוקציע.

דער אימפּרעסיאָניזם ציט זיין יניקה פון קאָנקרעטע רוים־טיילן, פון אַ געוויסן שטרייכג באַגרענעצטן סיושעט. און אויב ער וויל זיך אַמאָל שוין דערהויבן איבערן נאַטוראַליסטישן אָביעקטיוויזם, איז דאָס נאָר כּדי אויסצודריקן געוויסע אויך שוין פאַרגליווערטע געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישע שטימונגען.

למשל ליבערמאַנס בילדער זיינען לויט זייער מהות אָדער „מאַטעמאַטיש" באַרעכנטע לייזונגען פון פאַרבן־פּראָבלעמען אָדער

עטיש לויוואַרעמע וואַראַציעס אַף דער טעמע פון סאָציאַלער רחמנות *).

דער אימפּרעסיאָניזם שאַפט רעאַליסטישע פאַרבן קאָמבינאַציעס אַף אַ ריין שכלדיקן אופן. זיין באַגייסטערונג שוועבט אַרום דעם זעבאַרן שאָלעכץ פון דער וועלט. דעריבער איז טאַקע די ק אָ מ פּ אָ ז י צ י ע, די פּאַרטיילונג פון רוימלעכע פלאַכן און פאָרמען אינם בילד, דער צענטר פונם אימפּרעסיאָניסטישן שאַפן. אין תוך גענומען, שטרעבט ער שטענדיק צו דעקאָראַטיווע ווירקונגען. די געלונגענע רוים אילוזיע איז זיין העכסטע דערגרייכונג.

דער עקספּרעסיאָניזם איז דורך און דורך צייטלעך-ד י נ אַ מ י ש. ער מיידט אויס קאָנקרעטע סיוזשעט פאָרמען, ער וויל זיין אַבסטראַקט. אין דער אַבסטראַקציע וויל ער אויסדריקן דעם ניט באַנעמבאַרן מיט די חושים תמצית פון דער וועלט, כדי באַ אָט דער אַבסטראַקטקייט און אָפּגעריסנקייט פון די טאָג-טעגלעכע חושים-איבערלעבונגען זיך פאָרט ווי ניט איז צו דערנעענטערן צום עולם, מוז דער עקספּרעסיאָניזם אין זיינע קינסטלערישע אויסדריק-מיטלען אָפּטמאָל זיין פּרימיטיוו, עלעמענטאַר. דאָס לייגט אַרויף דעם שטעמפּל פון פּרימיטיווקייט אַף זיין פאָרמען-שפּראַך, וואָס מוז זיין אַבסטראַקט, ברייט, באַוועגלעך, גלייכצייטיק צוגעפּאַסט אי צום אַלגעמיינעם אי צום איינצעלנעם. דערפאַר טאַקע איז דער ערשטער שריט פונם עקספּרעסיאָניזם אין דעם פּרט געווען — דער ג ע אָ מ ע ט ר י ז ם, דער ק ו ב י ז ם, ווייל די גאַנצע ניט אָרגאַנישע וועלט געפינט איר אַלגעמיינע איינהייט נאָר אין אַבסטראַקטע געאָמעטרישע פאָרמען. דורכן געאָמעטריזם „באַהערשט" דער קינסטלער עסטעטיש די גאַנצע פילפאָרמדיקע וועלט פון רוימלעכע דערשיינונגען. גייט ער אָבער אַריבער צו די ריין מענטשלעכע איבערלעבונגען, איז דער געאָמעטריזם שוין ניט פייאיק אַליין אויסצודריקן די גייסטיקע וועלט. און מען זוכט נייע פאָרמען, וואָס זאָלן אינטויטיוו אויסדריקן דעם ר י ט ם פון די לעבנסדערשיינונגען.

*) אגב: צו דריקט זיך ניט אויס אין ליבערמאַנס און איזראַעלס «אָרימעלייט»-מאַלעריי דער גאַנצער סכום פון בייַנקשאַפט נאָך סאָציאַלן יושר, אחדות און רחמנות, וואָס לעבט אינם אידישן בירגערטום, דעם בירגערטום פאָרט פון צווייטן גראַד?...

דער מאָדערנער פּרימיטיוויזם איז אפשר די אומבאַהאָלפנקייט פון אַ גרויסן אָנהויב. עס ווערט ווי אַמאָל אינם אַלטן מזרח ווידער באַשאַפן אַ נעראָגליפן-שפּראַך אין בילדער. און בײַ ווײַנע ערשטע פּרוּוון זוכט דער קינסטלער אינגאַנצן אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם באַלאַסט פון די פיזיקאַלישע געזעצן, וואָס באַהערשן אונזער גאַנצע פאַרשטעלונג-וועלט, ניט נאָר וויסנשאַפטלעכע, נאָר אויך עסטעטישע.

אויב דער מענטש אַלס פיזישער אָרגאַניזם, קאָן דערווײַל נאָך ניט גובר זײַן למשל דעם געזעץ פון ש ו ע ר ק ײ ט, פאַרוואָס זאָל דער קינסטלער אין זײַן שאַפן דאָס ניט פּרוּוון? און דער עקספּרעסיאָניסטישער קינסטלער האָט זיך — צום ערשטן מאָל אין דער קונסטגעשיכטע—געשטעלט ה ע כ ע ר פון די געזעצן פון שווערקייט און אינערציע, פון וועלכע די בילדנערישע מאַלערײַ איז געווען אינגאַנצן באַהערשט.

דער קינסטלער וואַרפט דער ערשטער אַראָפּ די פיזישע פּענטעס פונם גייסט. די אינטואיציע גייט אַלעמאָל פאָרויס דעם שכל.

פאַרן קינסטלער זײַנען ניטאָ מער די אַלע פאַרגליווערטע געזעצמעסיקייטן. ער צושמעטערט די גאַנצע אָביעקטיווע וועלט אין שאַרבנס, לייזט זיי אויף אין פרײַ באַוועגלעכע ליניעס, פלאַכן און פאַרבן-פלעקן, און קאָמבינירט זיי פרײַ לויט ז ײַ ן „געזעצמע-סיקייט" און דערבײַ, פאַרשטייט זיך, זייער אָפט — לויט זײַן צופעליקן קאַפּריז, אַף וויפיל ער רייסט זיך אָפּ פון דער קינסט-לערישער שאַפונגסאינטואיציע. דאָס איז איינער פון די גרעסטע שטרויכלונגען פון דער נייסטער קונסט, ווו די פּשוטע נאָכמאַכערײַ, די ריין מעכאַנישע אָנווענדונג פון אַ פרעמדן מעטאָד עפנט אַ ברייטן וועג פאַר טאַלאַנטלאָזע קונצנמאַכערײַ, וואָס איז געשעפט-מאַכעריש באַרעכנט, אָן יעדן פונקל פון התלהבות.

דאָרטן אָבער, וווּ עס פעלט אָט דער אינעווייניקסטער ברען, דאָרטן איז קיינמאָל קיין קונסט ניט געווען.

דער מאָדערנער עקספּרעסיאָניזם איז מער ווי וועלכע ניט איז בילדנערישע קונסט-ריכטונג — פּ אַ ט ע ט י ש, ר אָ מ אַ נ ט י ש, אויפגערודערט, אומרואיק, רעוואָלוציאָנער.

דער מעכטיקער געראַנגל פון אונזער תקופה האָט פאַרכאַפּט דעם קינסטלערס נשמה, און דורכגעטריבן דורכן גיהנום פון דער

וועלטשחיטה און בירגערקריג, האָט אין איר דורכגעקנאָטן לעבן און טויט, האָט אָנגעשפּאַנט, ווי אַ סטרונע, אַלע געפילן, אַרויסגעטריבן פון די באַהעלטענישן אַלע ליידנשאַפטן.

און דער קינסטלער זוכט אַן אויסדרוק פאַר אָט דער קאָלאָסאַלער גייסטיקער אָנגעשפּאַנטקייט. צו קאָן ער זי געפינען?! קריצט ער מיט די ציין, מאַכט ווילד אָנגעשטריינגטע שפּרונגען, קאָן נישט טראַכטן וועגן וואָג און מאָס. — און באמת צו האָט אונזער צייט ניט פאַרלאָרן אינגאַנצן דעם גלייכגעוויכט אומעטום, אויף אַלע געביטן? און עס יאָגט און עס טרייבט רוחותדיק, פיבערהאַפט אין זוכעניש פון אַ נייעם סינטעז פאַר אונזערע געדאַנקען, שטימונגען, געפילן.

דערווייל אָבער הערשט איבער אַלץ דער מוראדיקער *אימפּעט פון פאַרנייונג*, דער גאַנצער קינסטלערישער ביזאַהער ווערט פאַרנייגט. עס צעפאַלט זיך אַ גאַנצע גייסטיקע וועלט און עס קאָכט אַ אינטענסיווער פּראָצעס פון שטענדיקן *ווערן* און פאָרט ניט פאַרטיק ווערן.

דאָס אַלץ מאַכט די בעסערע קונסטפּרוון פון אונזער צייט טיף דראַמאַטיש, און איר ריטם — פּאַטעטיש *).

אָט דער ריטם צושמעטערט די פאָרמען=וועלט און שליידערט די שפּליטערס אין אמת אַפּאָקאַליפּטישע קאָמבינאַציעס פון וועלטאונטערגאַנגען און וועלטבאַשאַפונגען.

און פאַר די שאַפונגען שטייט אָפט ווי פאַר אַ רעטעניש ניט נאָר דער פּיליסטער, נאָר אויך דער קונסטפריינד. עפּעס שפּירט מען אין דעם, נאָר מען באַנעמט עס ניט אינגאַנצן. ווער פון אונז איז דען געוווינט באַם באַטראַכטן אַ קונסטווערק *מיטצושאַפן*? און ווער איז שוין היינט געוווינט באַם לייענען אַ אמת קונסטווערק מיטצודיכטן? גיט עפּעס פּאַרטיקעס — דירעקט פאַרן אויג, פאַרן אויער, פאַרן שכל!

דעם עקספּרעסיאָניזם אָבער קאָן מען נאָר מיטשאַפן און מיטלעבן.

זיין העכסטע אויפגאַבע איז: יעדע ליניע און דער גאַנצער סכום פון פאָרמען זאָל געטריי דינען דעם שאַפנדיקן גייסט, דעם קינסטלערס ווילן, פריי פון די אַרומיקע אָביעקטיווע טראַפּאַרעטפאָרמען.

*) «קלוב פון פּאַטעטיקער», געגרינדעט פון לודוויג *מיידנער*.

דעריבער ליגט דער שווערפּונקט פונם עקספּרעסיאָניסטישן שאַפן אין דער קאָנסטרוקציע, אין דער צוועקמעסיקער איינאָרדנונג און אונטעראָרדנונג פון אַלע עלעמענטן אונטער איין אַלגעמיינעם פּרינציפּ: דעם אוממיטלבאַרן אויסדרוק פון דער גײַסטי-קער איבערלעבונג אין איר גאַנצער פולקייט און באַוועגלעכקייט.

אויך זיין קאָלאָריט נעמט דער עקספּרעסיאָניזם ניט פון דער נאַטור, נאָר פון די גייסטיקע אַסאָציאַציעס, וואָס בינדן צונויף די אָדער יענע פאַרב מיט דער אָדער יענער מענטשלעכער אי-בערלעבונג.

און אויב דער אימפּרעסיאָניזם האָט אין דעם פּרט אַ נטיה צו רעליעפקייט, צו „סקולפּטורמעסיקייט" פונם גראָבן פּינזל-שטריך, כדי זיך וואָס מער צו דערנענטערן צום אָביעקט, האָט דער עקספּרעסיאָניזם אַ סך אַ שטאַרקערע נטיה צו מוזיקאַלישקייט, צו געפינען יענע געהיימע וועגן און פעדים, וואָס פאַרבינדן פאַרב-קלאַנג-איבערלעבונג אין אַ איינהייטלעכן ריטם.

* * *

דער מאַרקסיזם האָט אויסגעשריען אַף דער גאַנצער גרויסער וועלט:

— גענוג שוין די געשיכטע צו דערקלערן און פּאַרטייטשן שוין צייט די געשיכטע צו מ אַ כ ן!

און צו איז דער היינטיקער עקספּרעסיאָניזם ניט זיין מעכטיקער ווידערקול אין דער עסטעטיק?

— גענוג אָפּצושפּיגלען די וועלט, „ווי זי איז" אָדער ווי דער קינסטלער זעט זי. שוין צייט פאַרן קינסטלער צו צייגן ווי ע ר ש פּ י ג ל ט זיך אָפּ אין דער וועלט, ווי ער וויל די וועלט מ אַ כ ן!

אויב דער אימפּרעסיאָניסט איז אַ פלייסיקער אויספאָרשער, וואָס האָט אַנטדעקט אין דער נאַטור אַ סך פון אירע סודות, איז דער עקספּרעסיאָניסט אַ מוטיקער אַנטדעקער פון נייע שאַ-פונגסוועגן, אַ קעמפער פאַר אייגענע צילן, אַ נאַטורבאַצווינגער.

און אויב דער אימפּרעסיאָניזם האַלט זיך באַם כלל: „שיין איז אַלץ, וואָס איז אמת — נאַטירלעך", ווערט דער עקספּרעסי-אָניזם געטריבן דורכן כלל:

„שיין איז אַלץ, וואָס איז שאַפעריש, דרייסט, ניי וואָס אַנט-פּלעקט מאַכט".

# דער גולם, דער העכסטער
# מאכט־חלום.

## I. מיטאס-צייט פּערספּעקטיוו.

שוין צייט צו פאַרשטיין, אַז מיטאָס איז ניט אָבערגלויבן און ניט פאָלקסקינדערייען, נאָר דער ברייטסטער סך-הכּל פון דער היסטאָרישער פאָלקסדערפאַרונג און דער טיפסטער פאָרגעפיל פון צוקינפטיקער מאַכט-אַנטפּלעקונג, אויסגעדריקט אין בולטע סימוואָלן.

דער מיטאָס האָט צוויי פּנימער — איינער איז רעטראָספּעקטיוו. ער אָרגאַניזירט דעם ווייטסטן עבר אינם פאָלקסגייסט.

דער צווייטער פּנים איז פּראָספּעקטיוו, געווענדעט צו דער צוקונפט, אַנטפּלעקט די חלומות און כּוונות פונם פאָלקסגייסט, דעם היסטאָרישן „אַקציאָנס פּראָגראַם" פונם פאָלק פאַר קינפטיקע דורות.

אַלץ, וואָס איז געשען, און אַלץ, וואָס דאַרף געשען — באַקומט זיין בולטן אויסדרוק אין די סימוואָלן און לעגענדן פונם פאָלק.

און אָט די וועלט פון מיטאָס איז אונטערגעוואָרפן אונטער די געזעצן פון צייטפּערספּעקטיוו פּונקט אַזוי ווי די וועלט פון די אָביעקטיווע געשעענישן פון דער מאַטעריעלער וועלט זיינען אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון רוים-פּערספּעקטיוו.

נאָר בעת דער יסוד פון דער רוים-פּערספּעקטיוו איז: „וואָס ווייטער — אַלץ קלענער", איז דער פּרינציפּ פון דער צייטפּערספּעקטיוו סיי בנוגע צום עבר, סיי — צו דער צוקונפט: „וואָס ווייטער — אַלץ גרעסער". אַלץ מאָנומענטאַלער זיינען די מיטאָלאָגישע סימוואָלן.

## II. אקטיווע מיטאלאגיע.

מען קאָן באַהויפּטן, אַז די באַדייטנדסטע מיטאָלאָגישע סימוואָלן פון די אַזוי גערופענע אַרישע פעלקער געהערן צו דער

קאַטעגאָריע פון די רעטראָספּעקטיווע, וואָס אָרגאַניזירן אין דער פאָלקכנשמה די היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט.

די אַנטיקע, גריכיש-רוימישע מיפאָלאָגיע איז אַ סכום פון עסטעטיש - פאַרפּוצטע פאָרשטעלונגען וועגן דער אַרומיקער נאַטורוועלט, אויסגעדריקט אין אַנטראָפּאָמאָרפע, פאַרמענטשלעכטע סימוואָלן. אַפּאָלאָן, ווענעראַ, מערקור, דיאַנאַ, הערקולעס, נעפּטון, — דאָס זיינען אַלץ מענטשלעכע אָפּשפּיגלונגען פון באַשטימטע נאַטורכחות. די נאַטור הערשט דאָ אַלמעכטיק איבערן מענטשן. יעדער פּרווו זיך צו באַפרייען פון אָט דער נאַטורהערשאַפט ענדיקט זיך דאָ מיט אַ מפּלה.

אין דעם פּרט איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש די פּראָמעטעאוס-לעגענדע.

פּראָמעטעאוס, דער זון פון די טיטאַנען, האָט געגנבעט באַ זעווסן דאָס פייער און עס אַראָפּגעבראַכט אַף דער ערד פאַר די מענטשן. אַף אַזאַ אופן איז ער געוואָרן דער פאַטער פון דער קונסט. ער האָט אויך אָנגעהויבן מאַכן מענטשן און חיות פון ליים און האָט זיי באַלעבט דורך פייער.

אָבער ווי טרויעריק האָט זיך געענדיקט אָט דער דרייסטער פּרווו! צום פעלז האָט אים זעווס צוגעשמידט אַף אייביק און אדלערס האָבן זיין לעבער געריסן. זאָל קיינער ניט פּרווון, אָנרירן די הערשאַפט פון די נאַטורגעטער איבערן מענטשן!

אָט דער פּעסימיסטישער גרונדכאַראַקטער ווייזט זיך אַרויס אין אַסך אַנדערע אַנטיקע לעגענדען, ווי דער מיף וועגן טאַנטאַלוס, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַלץ דאָס גוטס און — ליידעט מוראדיק פון הונגער און דאָרשט; וועגן סיזיפוס, וואָס קייקלט אָן אופהער אַ שטיין באַרגאַרוף, און דער שטיין קייקלט זיך תמיד צוריק אַראָפּ... וועגן איקאַר, וואָס האָט געפּרווט פליען צו דער זון און איז צושמעטערט געוואָרן אויף דער ערד.

אומעטום: דער מענטש, אַלס טייל פון דער מאַטעריעלער נאַטור, אינגאַנצן אָפּהייניגיק פון אירע געזעצן.

באַ אַזאַ וועלטבאַנעמען איז זעלבפאַרשטענדלעך, אַז — די גליקלעכע „גאָלדענע צייט" פון דער מענטשהייט ליגט שוין

אינם עבר, אינם ווייטן עבר. און וואָס ווייטער פון אָט דער צייט, — זי טראָגט דעם נאָמען „גאָלדענע", ווייזט אויס, דערפאַר, ווייל גאָלד האָט נאָך נ י ט געהאַט קיין שליטה איבערן מענטשן, — אַלץ טרויעריקער ווערט דער גרונדטאָן פונם איירָאָפּייאישן מיטאָס.

די בולטסטע באַאַרבעטונג פון אָט די גרונדשטימונגען אַנטהאַלט דער נ י ב ע ל ו נ ג ע ן מיטאָס. ער אַנטפּלעקט פאַר אונז די שווערע קללה, וואָס עס טראָגט מיט זיך אומעטום דאָס ג אָ ל ד, די מוטער פון האַס, נקמה און רציחה, און סוף כל סוף פירט דאָס אַלץ צו — „געטערדעמערונג", צום גרויסן וועלט-אונטערגאַנג...

און קלינגט עס ניט ווי אַ גרויזאַמע נביאה אָט די מעשה וועגן גאָלד, וואָס איז אַרויסגעגנבעט געוואָרן פונם שטילן טייך ר ה י י ן און איז געוואָרן די קללה פון דורות, גראָד אין אונזערע טעג, בעת אַף די ברעגן פונם אייגענעם רהיין שפּילט זיך אָפּ איינער פון די לעצטע און אַכזריותדיקסטע אַקטן פונם טראַגישן פעלקער-קאַמף פאַר גאָלד, וואָס טראָגט אין זיך בלי ספק אויך אַלע סמנים פון „געטערדעמערונג", אונטערגאַנג פון אַ געוויסן וועלטשטייגער?..

## III. מזרח מיטאָלאָגיע.

אַן אַנדער כאַראַקטער טראָגט די מזרחדיקע, אַראַביש-פּערזיש-אינדישע לעגענדן-וועלט. דער מזרח-מענטש אינטערעסירט זיך ווייניק מיט דער סיסטעמאַטישער א ו י ס פ אָ ר ש ו נ ג פון דער נאַטור. אין זיין געגנוס-דורשט שטויסט ער זיך אָבער פון אַלע זייטן אָן אַף נאַטור מניעות, באַזונדערס די מניעות פונם רוים.

שטייט פאַר זיין אין אַלגעמיין פאַנטאַזיע גייסט די הויפּט-אויפגאַבע: גובר זיין דעם רוים!

דער מזרח-מיטאָס שטייט ניט אַזוי אונטערן צייכן פון ש אַ פ ן און פון ד ע ר ל י י ז, ווי פון ק אָ מ ב י נ י ר ן די רעאַלע נאַטורכוחות אַזוי, אַז דער מענטש זאָל ניט דאַרפן זיין אַקטיוו.

פליט דורך מיטן זכרון די נסים-וועלט פון 1001 נאַכט וועט איר דערלעבן אַ ריי כשוף-מאָמענטן פון איין און דעמזעלביקן

כאַראַקטער: אַ היטעלע, וואָס מאַכט דעם מענטשן אומזעבאַר פאַר די אַרומיקע. אַ טעפיך, וואָס טראָגט אַוועק דעם מענטשן אין איין רגע אַפן ווייטסטן שטח.

אַ קוקראָר, דורך וועלכן דער מענטש זעט, וואָס עס טוט זיך אין דער גאַנצער וועלט. אַ לאָמפּ, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט צו באַקומען אַלע אוצרות פון דער וועלט. קורץ אַ גאַנצע ריי אמולעטן, כשוף־אינסטרומענטן, וואָס דערגענצן מיט דער פאַנטאַזיע די שוואַכקייט פון די מענטשלעכע חושים באַם גובר זיין דעם רוים.

אין תוך גענומען זיינען דאָס אַלץ פּראָדוקטן פון אַ פּאַסיוון גייסט, וואָס חלומט וועגן דעם אנזאָרגיקן „שלאַראַפען־לאַנד", ווו דורך אַ ווונק אַנטשטייען שלעסער פול מיט אַלע אוצרות, און ווו געבראָטענע פייגעלעך פליען אין מויל אַריין...

דער אַלגעמיינער מעטאָד פון דער מזרח־לעגענדע איז די היפּערבאָלע, אָנגעווענדעט דורך דער פאַנטאַזיע אַף געוויסע רעאַלע מענטשלעכע פייאיקייטן. די פאַרגרעסערונג, פאַרשטאַרקונג פון דעם, וואָס דער מענטש באַזיצט שוין. אָבער גלייכצייטיק איז דער מזרח־מיטאָס איינג באַגרענעצט מיט אָט דער פּרימיטיווער חושים־וועלט. ער שטעקט נאָך אינגאַנצן אין דער וועלט פון דער מאַטעריע. זיינע נסים זיינען — רוים־כשוף. צו דער פאַרשטעלונג פון אַקטיוון שאַפן און דערלייזן, פון גייסטיקן שאַפן, פון שאַפן לעבן, האָט זיך די מזרח לעגענדע ניט דערהויבן.

## IV. אידישע מיטאָלאָגיע־גייסט.

אין דער אַנטיקער מיטאָלאָגיע שפּילט די ראָל פונם אָרגאַניזירנדיקן הויפּטצענטר — דער שכל מיט זיין פייאיקייט צו פאַראַלגעמיינערן די פאַרגאַנגענהייט און די קעגנוואַרט. די מזרח־מיטאָלאָגיע איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיטן פאַנטאַזירנדיקן געפיל, וואָס איז טיף פאַראַנקערט אינם קעגנוואַרט־מאָמענט. און דער צענטראַלער כח פון אידישן מיטאָס איז — דער ווילן מיט זיין בייִנקשאַפט און שטרעבן צו דער צוקונפט.

דער רוח, וואָס שוועבט איבערן תהו ובהו, דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישסטער אַריינפיר אין דער אידישער

מיטאָס־וועלט. אָט דער גייסט, וואָס איז פון אָנהייב אָן דער הפוך פון כאאָס און טרעט גלייך אַרויס אַלס אַקטיווער ב אַ ה ע ר ש ע ר פונם תהו ובהו און אַלס ב אַ ש אַ פ ע ר פ ו ן ד ע ר ו ו ע ל ט.

די אידיי פון וועלט־ש אַ פ ן טרעט דאָ אַרויס אין דער בולטסטער געשטאַלט. די גאַנצע אידישע מעשה בראשית איז, פאַרשטייט זיך, אַ דרייסטע מ ע נ ט ש ל ע כ ע ר ע פ ע ט י צ י ע פון דער „געטלעכער" וועלט־באַשאַפונג. „א ל ה י ם" איז — דער סכום פון וועלטשפליטער (רבים) פאַראייניהייטלעכט אינם מענטשן־גייסט. דער העכסטער סימוואָל אין דער גאַנצער ביזאַנטיקער מיפאָלאָגיע. דורך דעם פון אים אַליין באַשאַפענעם „גאָט־גייסט" פרווט דער מענטש אוים זיינע אייגענע שעפערישע מעגלעכקייטן.

און די רעזולטאַטן פון דער ביזאַנטיקער „געטלעכער" שאַפונג האָבן דעם גייסט בשום אופן ניט באַפרידיקט — עס טרייבט און יאָגט אים ווייטער — די וועלט מוז ד ע ר ל י י ז ט ווערן פון אַלץ, וואָס טראָגט אַף זיך דעם שטעמפל פון בייז, פון אומפולקומענקייט. אָט די דערלייזונג־אידיי איז פאַרקערפערט אינם צווייטן, באַדייטנדסטן סימוואָל פון אידישן מיטאָס — אינם מ ש י ח, דעם וועלטדערלייזער.

געווים קאָן מען עלעמענטן פון אָט די צוויי אידייען — שאַפן און דערלייזן — געפינען אין דער מיפאָלאָגיע פון אַ סך אַנדערע פעלקער, אָבער ניט אין אַזאַ בולטער געשטאַלט, אין אַזאַ טיפער און ברייטער אָנווענדונג, ווי אינם אידישן מיטאָס.

משיח איז — די צוקונפט, געזעצט אַלס ציל, די ג ע װ א ל ט ע צוקונפט, די גייסטיק שוין באַהערשטע צוקונפט. דעריבער איז מ ש י ח דער שליח פון „גאָט" אַף דער ערד.

און אַ ל ע באַדייטנדיקע געשטאַלטן פון דער אידישער מיטאָס־וועלט זיינען אין תוך גענומען וואַריאַציעס פונם משיח־געדאַנק. און אַלע זיינען זיי אַנטפלעקונגען פונם אַלטאידישן לייטמאָטיוו: „לא בכח כי אם ברוח": מ ש ה, דער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר דערלייזער, דער נאַטורבאַהערשער, וואָס שפּאַלט דעם ים, שאַפט וואַסער פון שטיין, מאַכט קראַנקע געזונט, איז אַ מעכטיקער גייסט העלד.

י ע ז ו ס, דער א ו נ י ו ו ע ר ס אַ ל ע ר דערלייזער, וואָס קומט באַזיגן דעם טויט, די קראַנקהייט, די אָרימקייט און אונטערדריקונג, איז

ווידעראַמאָל דער טרעגער פֿונם פּרינציפּ: רוח קעגן פיזישן כח. דער יחיד־גייסט האָט זיך פֿאַרמאָסטן קעגן אַ וועלט פֿון סאָציאַלער שקלאַפֿעריי און אומגערעכטיקייט. און די סאָציאַלע מאַטעריע האָט געמוזט נאָך אַף הונדערטער יאָרן גובר זיין דעם יהודישן פֿרייהייטכווילן. יעזוס האָט געמוזט בלייבן אַ סימוואָל, אַ סימוואָל, וואָס איז אַגב שפּעטער פּאַלסיפֿיצירט געוואָרן דורך אָט דער אייגענער געזעלשאַפֿטלעכער שקלאַפֿעריי, וואָס ער איז געקומען מנצח זיין אין דער וועלט...

ספּאַרטאַקוס איז דער מוטיקער ניטאידישער פּרווו דורך כח צו פֿאַרווירקלעכן יעזוסעס רוח־חלום. אַ פּרווו, וואָס איז אין בלוט דערטרונקען געוואָרן...

און עס זיינען אַוועק לאַנגע חושכדיקע יאָרהונדערטן פֿון קנעכטשאַפֿט און אָרימקייט.

משיח איז געלעגן אומעכטיק, אין גאָלדענע קייטן געשמידט. נאָר דער גייסט האָט זיך ניט באַרואיקט. ערגעץ ווו אין דער אַגדה האָט ער ווייטער געוועבט זיין חלום־פּאַדים. ערגעץ ווו אין אַ „זהר" אין אַ „ספר יצירה" האט ער אַריינגעוועבט זיין פֿייערדיקע שאַפֿונגסבענקשאַפֿט, אין ווייטע מיסטישע פֿאָרגעפֿילן, אין באַפֿליגלטע מיטאָס־סימוואָלן.

## V. אידישער הומר־מיטאס.

לאַנגע הונדערטער יאָרן האָט געטליעט דער פֿונק פֿון גייסט אונטער בערג פֿון דערזאָרגאַניזירטער געזעלשאַפֿטלעכער מאַטעריע. זיך געגרייט צו אַ נייעם אָנגריף אַף די תהו ובהו־כחות.

אין XVI — XVII יאָרהונדערט האָט אויך דער אידישער גייסט ווידעראַמאָל באַזונדערס העל אופֿגעפֿלאַקערט. דאָס איז די גרויסע צייט פֿון ספּינאָזאַ, מהר"ל, בעל־שם און שבתאי צבי.

אַ פֿלאַמענדיקע צייט פֿון גרויסע ליכטיקע געדאַנקען און אופֿרייסנדיקע ווילן שטרעבונגען.

ספּינאָזאַ אַלס פּערזענלעכקייט — איינער פֿון די האַלבלעגענדאַרע סימוואָלן־פֿאַרבילדער פֿון דער מענטשהייט, אַרום וועלכן עס וועבט זיך דער שיין פֿונם הייליקן.

שבתאי צבי — דער פּערזענליכער צענטראַלפֿונקט פֿון

דער מוראדיקער משיח=ביינקשאַפט, וואָס האָט געדעשט און געשטורעמט דורך יענער תּקופה.

דען געווען איז דאָס ניט נאָר אַ תּקופה פון גייסטיקן גלאַנץ, נאָר אויך פון די גרעסטע רדיפות און גזרות קעגן אידן: פּאָגראָמען, בלוט בילבולים און גירושים אָן אַ סוף.

די אייראָפּייאישע מענטשהייט האָט זיך געגרייט אריינצוטרעטן אין אַ נייע תּקופה פון סאָציאַלער אַנטוויקלונג און נאַטורבאַהערשונג. און די געבורט ווייטאָגן פון דער נייער אָרדנונג זיינען געווען באַזונדערס גרויס און אומדערטרעגלעך פאַר די אידישע קבוצים.

די מענטשהייט האָט זיך געקליבן מאַכן דעם באַדייטנדסטן שריט אַפן וועג פון חומר=באַהערשונג: די איינפירונג פון דער מ אַ ש י נ ע ן=ווירטשאַפט. און אָט די חומר=וועלט האָט זיך מיט אַ באַזונדערס ווילדער אחוריות געוואָרפן אַף איר אַלטן דם=שונא, אפן פארגייסטיקטן אידן.

און טאַקע צוליב דעם הייבט אָן באַ די טרעגער פון דער אַלטער רוחניות, פונם היפּערטראפירטן גייסט — באַ מהר"ל און בעל=שם — די דערלייזונגסאידיי צום ערשטן מאָל צו אַרבעטן אין אַ נייער ריכטונג:

כּח קעגן כּח. חומר קעגן חומר.

פון די קינדעריאָרן וואכט אוף דער אַלטער חלום: ווי אַזוי דער מענטש האָט זיך באַשאַפן זיין גאָט, דעם וועלט=באַשאַפער. הײנט פאַרוואָס זאָל ער אַליין ניט ווערן דער שאַפער פון אַ אייגענעם אים אונטערוואָרפענעם מיקראָקאָסם?...

און — עס ווערט געבאָרן דער ג ו ל ם מיטאָס, די אייגנאַרטיקסטע קאָמבינאַציע פון דער שאַפונגס= און דערלייזונגס=אידיי.

## VI. האמונקולוס און גולם.

די אידיי פון באַשאַפן אַליין אַ לעבעדיק באַשעפעניש דרעמלט זייט דורות באַ אַלע מענטשן=גרופּירונגען. דער פּראָמעטעאוס=חלום האָט קיינמאָל ניט אופגעהערט צו ווערן זיין בשוף=פּאָדים.

דער פויסטישער פארשערגייסט האָט דאָס געשטרעבט צו

דערגרייכן דורך אַריינדרינגען אין די נאַטור סודות, דורך אַלכימיע, דורך "וויסנשאַפטלעכן כשוף".

פּאַראַצעלס האָט אין 16 יאָרהונדערט "באַשאַפן" זיין "האָמונקולוס". דער קינסטלעכער מענטש איז אַ פּראָדוקט פון לאַבאָראַטאָריע, די אַלכימיש אָרגאַניזירטע און באַלעבטע מאַטעריע. האָמונקולוס "לעבט" אין דער רעטאָרטע. ער איז אַ קוריאָזע באַשעפעניש, וואָס באַטייליקט זיך ניט אינם געזעלשאַפטלעכן מענטשן-לעבן. די "לעבעדיקייט" פון האָמונקולוס איז זייער אַ באַגרענעצטע.

גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער טראָגט מהר"לס און בעל-שם'ס גולם.

דער גולם איז געמאַכט פון ליים און ווערט באַלעבט דורכן גייסט, דורכן שם המפורש. ער האָט אַלע אייגנשאַפטן פון דער מאַטעריע — ער איז אומצערשטערבאַר און פיזיש ניט באַזיגבאַר. אָבער דער גאַנצער כח פון זיין קיום ליגט — אינם ווילן פונם רבין, זיין באַשאַפער.

דער גולם איז — ניט וויסנשאַפטלעך אָרגאַניזירטע מאַטעריע, נאָר — גייסטיק באַהערשטע מאַטעריע צוליב געוויסע געזעלשאַפטלעכע צוועקן.

דער גולם קאָן געברויכט ווערן נאָר צוליב כלל-צוועקן. פּרוּווט מען אים פאַרווענדן פאַר פּריוואַטע עולמשע ענינים, ברייננגט ער נאָר שאָדן.

ווילאַנג דער כלל-ווילן האַלט דעם גולם פעסט אין זיין רשות, איז ער אַ מעכטיקער און ניצלעכער ווערקצייג, באַלעבט און באַוועגט דורכן שם המפורש.

אָבער קוים פאַרלירט דער גייסט אויף אַ רגע זיין השפּעה איבערן גולם, ווערט ער אַ בלינדער צושטערנדיקער כח.

און אָט די צושטערונג-טענדענץ לויערט שטענדיק אינם באַהערשטן חומר, וואָס איז אַלעמאָל גרייט צו אַ מרידה קעגן דעם הערשער-גייסט.

ווערט פאַרדאַרבן אַן אות אינם שם המפורש, דרעמלט איין אויף אַ רגע דעם רבינס ווילן, לעבט אויף אינם גולם די חומר-נאַטור. פאַרמעסט זיך ער מיט דער האַנט וואָס האָט אים באַשאַפן, הייבט ער די האַנט מיט דער האַק קעגן זיין אייגענעם באַשאַפער.

דאמאָלס איז אומפאַרמיידלעך דער אָפענער צוזאַמענשטויס פון גייסט און חומר.

און בעת אין דער אַריש־אייראָפּייאישער מיטאָלאָגיע איז אין אַזעלכע פאַלן כמעט שטענדיק גובר דער חומר, איז אינעם אידישן מיטאָס דער גייסט מנצח דעם חומר.

דער רבי, וואָס האָט דעם גולם באַשאַפן, איז אויך דער צושטערער פונעם גולם, בעת ער פּרוּווט זיך צו באַפרייען פון זיין רשות.

דער רבי־גייסט בלייבט דער זיגער. דאָס איז דער אָפּטימיסטישער היפּוך צו דער „געטערדעמערונג" פון דער ניטאידישער מיטאָלאָגיע, ווו חומר־גאָלד קומט אין קאָנפליקט מיטן גייסט און — דער גייסט ווערט באַזיגט.

אויך דער גולם איז ווי יעזוס אַ שליח פון משיח. נאָר בעת יעזוס איז דער גייסט, וואָס גייט אין שטרייט קעגן כח, איז דער גולם — חומר קעגן חומר; כח קעגן כח.

דאָס זיינען צוויי פּרוּוון, צוויי איינזייטיקע פּרוּוון, וואָס יעדער פאַר זיך האָט זיך געמוזט ענדיקן מיט אַ מפּלה. ווייל נאָר זייער העכערער סינטעז, דער סינטעטישער קאַמף פון כח און מח קעגן דעם תהו ובהו פון דער חומר־וועלט, אַנטהאַלט אין זיך די שאַפערישע מעגלעכקייטן פון וועלט דערלייזונג.

און אָט דעם סינטעז, דעם שעפעריש־דערלייזנדיקן סינטעז, מערקט אָן דער סוף פונעם גולם־מיטאָס

## VII. גולם אלס מאסן פּסיכאָז.

די לעגענדע דערציילט, אַז איין פרייטיק צונאַכט האָט מהר"ל פאַרגעסן געווי אָנצומערקן דעם גולם זיין טעטיקייטס־פּראָגראַם פאַר דער קומענדיקער וואָך. דאמאָלס האָט געטראָפן דער גרויסער אומגליק. אינעם גולם האָט אָנגעהויבן ווירקן דער בלינדער כח פון חומר. ער איז אַרויס אין גאַס און האָט אָנגעהויבן מיט זיין האק צו מאָרדן אידן און צו צושטערן דאָס פּראַגער געטאָ. און מיט גרויס מי איז דעם רבין געלונגען גובר צו זיין די בלינדע סטיכיע; אַרויסצונעמען פונעם גולם דעם שם המפורש, אַזוי אַז דער גולם איז צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק טויטע ליים.

דער פרווו צו באַהערשן די מאַטעריע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס געפעלעלן, אָבער סוף כל סוף איז דער גייסט פאָרט מנצח.

אַזוי ענדיקן זיך די גולם־לעגענדעס סיי בּאַ מהר״ל סיי באַם בעל־שם טוב.

ס'איז קלאָר, אַז די לעגענדע האָט טיפע אַלגעמיינע וואָרצלען אינב סאָציאַל־ און נאַציאָנאַל פסיכאָלאָגישן לעבן פון די אידישע מאַסן. זי האָט אויך אַ בּאַדייטנדיקע געזעלשאַפטלעכע פונקציע אינם לעבן פון אָט די מאַסן. ס'איז אַ ד ע ר ל ײ ז נ ד י ק ע מ ש י ח ־ פ ו נ ק צ י ע.

די אומגעהויערע רדיפות שאַפן אינם געטאָ אַן אַלץ וואַקסנדיקע אומרו, אַ מוראדיקע פסיכאָלאָגישע דעפּרעסיע. די אומרו קלייבט זיך טראָפּנווייז, ביז עס פילט אָן איבערן ראַנד די נשמה. און עס מוז — אַרויס! ס'מוז עפּעס געשעען, וואָס זאָל באַפרייען די נשמה פונם אומרו; וואָס זאָל זיך דורכטראָגן דורכן געטאָ, ווי אַ רייניקנדיקער געוויטער. און אָט די פונקציע פון אַ פעריאָדישן פסיכאָלאָגישן „תשליך” פילט אויס אינם געטאָ דער ג ו ל ם.

אַזוי פּאַסט אויף דעם גולם די פאָלקלעגענדע גופא. זי דערציילט, אַז דער גולם קומט יעדע 33 יאָר ד. ה. ניט ווייניקער ווי איינמאָל אין א דור.

און בעת דער קומען פונם גולם ווערט פסיכאָלאָגיש רייף אין דער נשמה פון די מאַסן, דאַמאָלס וועט זיך שוין לייכט געפינען דער אויסערלעכער מאָמענט, וואָס זאָל דעם גולם אַרויסרופן.

דאָס איז איינער פון די אינטערעסאַנטעסטע אידישע מ אַ ס ן ־ פ ס י כ א ז ן, וואָס איז אין אַ סך פּרטים ענלעך צו די גרויסע משיח־פסיכאָזן, וואָס האָבן זיך אַזוי אָפט אדורכגעטראָגן דורך דער אידישער געשיכטע: דוד אַלראָי, שבתאי צבי, פראַנק, הערצל...

די פונקציע פונם גולם־מיטאָס איז אָבער אין אַ סך פּרטים אוניווערסאַלער און סימוואָליש באַדייטנדיקער ווי די אָנגעוויזענע נאַציאָנאַלע משיח־איבערלעבונגען.

און ס'איז ניט קיין צופאַל וואָס מיטן גולם־מיטאָס איז

גראַד אין אונזערע טעג פונם גרויסן וועלט-איבערבראָך פאַרגעקומען אַזאַ באַלערנדיקער תּחית המתים.

## VIII. גולם אלס סימוואל פון מאשינען-גורל.

גראַד אין די לעצטע יאָרן האָט דער גולם ווידעראַמאָל פאַרכאַפּט די גייסטיקע אויפמערקזאַמקייט ניט נאָר פונם אידישן, נאָר אויך פונם איראָפּייאישן גייסט בכלל. אין 1916 יאָר זיינען אין דייטשלאַנד אַליין דערשינען דריי אינטערעסאַנטע און באַדייטנדיקע „גולם"-ראָמאַנען: פון בראָד, האָליטשער און מיירינק. גולם-פילמען קלייבן צונויף אין דער גאַנצער וועלט הונדערטער טויזנטער באַזוכער.

אין דער אידישער ליטעראַטור האָט דער גולם באַשעפטיקט די באַדייטנדסטע קינסטלער: פּ ר ץ, פ ר י ש מ אַ ן. און אין אונזערע טעג בילדעט ל ײ װ י ק ס „ג ו ל ם" געוויס ניט צופעליק די העכסטע דערגרייכונג פון דער מאָדערנער אידישער דיכטונג.

ווו ליגט די כּבה פון אָט דעם גרויסן תּחית המתים? ווי שטענדיק, מוז מען די סבּות זוכן אין די תּנאים פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון איין זייט, און אין דעם סאָציאַלן מהות פונם גולם-סימוואָל פון דער אַנדער זייט.

ווי מיר האָבן געזעען, איז דער גולם-מיטאָס געשטאַנען ב אַ ם ח י ג פון דער מאַשינען-ווירטשאַפט. ער איז געווען אין אַ געוויסן זין דער סימוואָלישער אָנזאָג, דער היסטאָרישער פּ אָ ר ג ע פ י ל פון דער מאַשינען-אַנטוויקלונג. אין די גולם-לעגענדע האָט אין אַ געוויסן זין פאַרויס אָנגעמערקט אויך דעם טראַגישן קאָנפליקט, וואָס די מאַשין האָט געבראַכט מיט זיך אין דער געזעלשאַפט.

די מ אַ ש י ן — איז דאָס ניט די מאַטעריע, באַזיגט פון גייסט, אונטערגעוואָרפן דעם גייסט און זיינע צוועקן? איז דאָס ניט אין תּוך די העכסטע ברכה פון דער מענטשהייט אין איר קאַמף קעגן דער נאַטור דורך די נאַטור-כּחית [illegible] חומר קעגן חומר? האָט אין דער מאַשין דער גייסט ניט אַרויסגעוויזן זיינע העכסטע מעגלעכקייטן באַם באַהערשן דעם וועלטבאַאָם?

יאָ, בלי ספק!

אָבער וואָס איז ווייטער פאָרגעקומען מיט דער מאַשין? גראָד אין אונזער צייט, בעת די מאַשינען־טעכניק האָט דערגרייכט אַזאַ פולקומענהייט אין דער באַהערשונג פון יבשה, וואַסער און לופט, גראָד היינט האָט זיך די מאַשין פאַרוואַנדלט פון אַ ברכה פאַר דער מענטשהייט אין אַ קללה פאַר מיליאָנען פאַרשקלאַפטע — דורך דער מאַשין פאַרשקלאַפטע און צעקאַליעטשעטע — מענטשן.

די מאַשין, אליין אַ פּראָדוקט פונם מענטשן־גייסט, איז אַדאַנק די משונהדיקע געזעלשאַפטלעכע תנאים פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, געוואָרן דער טיראַן פון דער אַרבעטנ־ריקער און ליידנדיקער מענטשהייט.

איז דאָס ניט די אייגענע מעשה מיטן גולם, וואָס דער רבי האָט פאַרגעסן אים אָנצומערקן געווי די גרענעצן פון זיין אַרבעט, זיין פּראָגראַם און — דעריבער האָט ער אויפגעהייבן אַ מרידה קעגן זיין באַשעפער, דעם מענטשן־גייסט?

דער געזעלשאַפטלעכער גייסט — ביז איצט איז דאָס געווען דער גייסט פונם בירגערטום — האָט פאַרלאָרן די השפּעה איבער דער מאַשין. און גראָד זי, די גולם מאַשין, איז דאָס, וואָס טרייבט אין וועלטשתיות פאָלק קעגן פאָלק, לאַנד קעגן לאַנד.

— גולם גייט!..

דערפאַר האָט די גולם־לעגענדע היינט אַזאַ אַנציִענדיקן כח פאַר אַלעמען. און — דער סוף?

## IX. פּעסימיזם אָדער אָפּטימיזם?

דער סוף קאָן זיין אַ פּעסימיסטישער אָדער אַן אָפּטימיסטישער און ביידע מעגלעכקייטן זיינען אָנגעמערקט אין דער סימוואָלישער פאָרגעפילן־וועלט פונם אייראָפּייאישן מיטאָס.

מיר האָבן זיך פריער באַקענט מיטן פּעסימיסטישן גרונדטאָן פון דער אַרישער לעגענדן־וועלט, מיט דער „געטערדעמערונג"־שטימונג, וואָס באַהערשט זיי, אָנהייבנדיק פון פּראָמעטעאוס, דורך די „ניבעלונגען" און ענדיקנדיק מיט שפּענגלערס מאָדערן באַנייטער וועלטאונטערגאַנג מיטאָלאָגיע.

אין דער אַרישער לעגענדן וועלט ווערט דער גערא̈נגל צווישן מאַטעריע און גייסט כּמעט שטענדיק אַנטשיידן לטובֿת דער מאַטעריע.

אין דעם פּרט איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש די נאָך הײַנט צווישן די אַרישע פעלקער פאַרשפּרייטע אַלרוין־לעגענדע.

אַלרוין איז אַ וואָרצל פון אַ וווּנדערבאַרער זעלטענער פלאַנץ, וואָס האָט דעם אויסזען פון אַ מענטשן־קאָפּ און האָט אַ מוראדיקן כּישוף־כּח.

ווער עס באַזיצט דעם אַלרוין־וואָרצל דער האָט אין זײַנע הענט די שליסלען צו מאַכט און צו רײַכקייט, צו גאָלד און גאָלד אָן אַ שיעור. ער קלײַבט זיך אַרויף אַלץ העכער און העכער אויף דער לייטער פון מאַכט און עשירות. און בעת ער געפינט זיך שוין אויף דער העכסטער מדרגה — דאַמאָלס פאַלט זיך פונאַנדער דער גאַנצער בנין און דער מענטש שטירצט אַראָפּ אין תּהום פון אומגליק און געוואַלטזאַמען טויט.

אַלרוין, דער שטיק חומר, איז שטאַרקער פונם מענטשן ווילן...

דאָס איז איין אויסגאַנג פונם גרויסן געראַנגל צווישן מאַטעריע־מאַשין און מענטשן־גייסט. דאָס איז אַן אויסגאַנג, וואָס הילכט הײַנט אין אונזערע אויערן אינם טראַגישן געראַנגל פון דעם בעסט־אָרגאַניזירטן דײַטשן אַרבעטס־מענטשן מיט דער העכסט־אַנטוויקלטער דײַטשער מאַשינען פּלוטאָקראַטיע...

אַן אַנדער אויסוועג פונם קאָנפליקט מערקט אָן דער אידישער מיטאָס מיט זײַן וואָלונטאַריסטישן אָפּטימיסטישן גרונדכאַראַקטער.

דער מענטש איז דער באַשאַפער — פון זײַן גאָט, פון זײַן גורל. ער איז דער אַקטיווער וועלטן־בויער און וועלטן־באַהערשער. דער גייסט אַלס אָרגאַניזאַטאָר פונם קאָסמישן תּהו־ובֿהו, איז אויך דער באַהערשער פונם געזעלשאַפטלעכן כאַאָס. דער גייסט שטעלט זיך אַלס אויפגאַבע — די פאַרווירקלעכונג פון „גאָטס ממשלה אויף דער ערד". ער באַקעמפט אַקטיוו דאָס בייזע, דאָס אומפולקומענע. ער טרײַבט די מענטשהייט אַלץ אַרויף — צו דערלייזונג, ד. ה. צו אַ פּאָזיטיווער פאַרענטפערונג פון אַלע קאָנפליקטן.

אָט אין דעם גייסט מערקט אָן דער סוף פונם גולם־מיטאָס דעם אויסוועג — דעם אפטימיסטישן אויסוועג פונם היינטיקן קאָנפליקט צווישן מענטשן־גייסט און מאַשינען־סטיכיע.

דאָס איז דער מ אַ ר ק ס י ס ט י ש ע ר אויסוועג: דער אָרגאַניזירטער גייסט פון דער אַרבעטנדיקער מענטשהייט וועט בלי ספק סוף כל סוף באַהערשן די גולם מאַשין און איר אָנווייזן איר אָרט אין דעם גרויסן פּראָצעס, וואָס פירט די מענטשהייט צו גליק און אַלמאַכט.



# פראָלעטאַרישע קולטור.

א.

נאָר באַטראַכטנדיק יעדע קונסט און ליטעראַטור אַלס אויסדרוק פון א געוויסן לעבנשטייגער מיט אַ געוויסן סכום געפילן, אידייען, ווילנסאימפולסן, קאָנען מיר זיי אַלזייטיק באַנעמען סוף כל סוף נאָר אַלס פועל יוצא פון א באַשטימטן סאָציאַל-עקאָנאָמישן סדר.

אין דעם זין האָט יעדע קולטור ביז היינט געטראָגן אַ מער אָדער ווייניקער בולט אויסגעדריקטן קלאַסן-כאַראַקטער: זי האָט אַזוי אָדער אַנדערש אָפּגעשפּיגלט די אינטערעסן און דעם פּרצוף פון דעם קלאַס, וואָס איז געווען אין דער געגעבענער תקופה דער אָרגאַניזאַטאָר און טאָן-געבער פונם עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דעריבער קאָן מען מיט רעכט באַצייכענען די קולטור פון די לעצטע יאָרהונדערטן — אַלס בירגערלעכע קולטור, ווייל זי איז אין איר הויפּט-טייל באַאיינפלוסט פון בורזשואַזיע פאַר דער בורזשואַזיע, ווייל זי שפּיגלט אָפּ א געוויסן היסטאָריש אויסגעוואַקסענעם לעבנשטייגער מיט אַ באַשטימטן צוגאַנג צו וועלט און מענטש, וואָס איז אין לעצטן גרונד דיקטירט געוואָרן דורך דעם קאַפּיטאַליסטישן פּריוואַטאייגנס.

די בירגערלעכע קולטור איז באַשאַפן געוואָרן ניט דורך דער בורזשואַזיע אַליין, נאָר דורך דער געזעלשאַפט, וואָס האָט הונדערטער יאָרן געלעבט און געשאַפן אונטער דער הערשאַפט פונם בירגערטום.

דעם פּראָלעטאַריאַט אָבער איז ביז היינט נאָך ניט אויפגעקומען אַרופצולייגן דעם שטעמפּל פון זיינע מעטאָדן פון לעבן און שאַפן אַף דער גאַנצער געזעלשאַפט. ניט נאָר דער גייסטיקער, נאָר אַפילו דער רייןווירטשאַפטלעכער לעבן פּרינציפּ,

וואָס דער פּראָלעטאריאט האָט געבראַכט מיט זיך אין דער וועלט, איז נאָך אין ערגעץ ניט פארווירקלעכט געוואָרן. דער פּראָלעטאַריש-סאָציאַליסטישער לעבנסבנין עקסיסטירט דערווייל אלס נעפלדיקער — אין זיינע קאָנקרעטע פארמען — פּראָיעקט. ווי אזוי האָט געקאָנט אנטשטיין דער נייער לעבנשטייגער, מיט א נייעם סכום פון קלאָרע שטימונגען, קריסטאליזירטע געפילן, דורכגעלעבטע געדאנקען?

מען מוז זיך קלאָר זאָגן: אפן יסוד פון א צוקונפט-אידעאל קאָן קיין נייע קאָנקרעטע קולטור ניט אויסוואקסן.

דעריבער קאָן מען בשום אופן ניט ריידן וועגן „פּראָלעטארישער קולטור" אין דעם אייגענעם זין, ווי מיר ריידן היינט וועגן „בורזשואזער קולטור".

ב.

אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אז מען קאָן בכלל ניט ריידן וועגן דער קולטור פונם פּראָלעטאריאט. דער אַרבעטערקלאס טראָגט אריין מיט זיך אין דער געשיכטע אַזויפיל נייס, אייגענעס, באדייטנדיקעס אף אלע געביטן פון לעבן און שאפן, אז דערפון אליין איז געדרונגען די אומפארמיידלעכקייט פון א נייעם לעבנשטייגער אין דער צוקונפט און — פון מעכטיקע עסטעטישע פאַרגעפילן שוין אין דער קעגנוואַרט.

און דאָ גייען מיר צו צו דער צווייטער גרויסער פונקציע פון די גייסטיקע קולטורווערטן, וועלכע מען האָט ביז איצט אַזוי ווייניק באהאנדלט אין מארקסיסטישע קרייזן: צו זיין ניט אזוי די אָפשפיגלונג פונם אלטן „זיין", ווי דער אנזאָג פונם קומענדיקן „זיין".

אף יענער הייך, ווו עס ווערן באשאפן עסטעטישע קולטורווערטן, גייען זיך צונויף אזויפיל פעדים, איינפלוסן, שטימונגען, געפילן און פאָרגעפילן, אז דער שאפנדיקער רייסט זיך ציטנדיק אָפּ פון דעם קלאסן-לעבנשטייגער, וואָס בילדעט די גרונטשטימונג פון זיין שאפן. ער הייבט אָן באשאפן ווערטן, וואָס זיינען אין תוך פיינטלעך דעם הערשנדיקן קלאס און זיינען אנגעזאָפּט מיט די שטימונגען און כוונות פון דעם ביז איצט אונטערדריקטן קלאס.

דאָס קומט פֿאַר געוויינטלעך אין איבערגאַנגס צייטן, בעת די געזעלשאַפֿט ווערט אין אירע יסודות אויפגעטרייסלט דורך רעוואָלוציאָנערע שטימונגען, בעת דער אַלטער לעבנשטייגער איז שוין דורכגעפֿוילט און דער באָדן איז באַזונדערס גינסטיק פֿאַר דער פֿאַרניינונג פֿון דער קעגנוואַרט און פֿאַר צוקונפֿט־פֿאַרגעפֿילן, וואָס זייַנען דער היפוך פֿון אָט דער ווירקלעכקייט.

ס'איז אמת: די קונסט פֿון דער קינפֿטיקער פֿרייער אַלוועלטלעכער אַרבעט־ און קולטור־געמיינשאַפֿט קאָן היינט פֿון קיין זשעני — ווי מעכטיק ער זאָל ניט זיין — ניט באַשאַפֿן ווערן. דערצו מוז פֿריער פֿון אַלץ באַשאַפֿן ווערן אָט די סאָציאַליסטישע לעבנס־געמיינשאַפֿט גופֿא.

אָבער פֿון דער אַנדער זייט אַנטהאַלט שוין דער היינטיקער לעבנשטייגער פֿונם אַרבעטערקלאַס אַזוי פֿיל נייע גייסטיקע עלעמענטן, וואָס קאָנען בלי ספֿק מעכטיק באַפֿרוכפֿערן יעדע אמת גרויסע קינסטלערישע באַגאַבונג.

די מייסטן פֿון אָט די גייסטיקע מאָמענטן טראָגן אַ „נעגאַטיוון" כאַראַקטער אין דעם זין, וואָס זיי ווערן אַרויסגערופֿן אַלס פּועל יוצא פֿון דער פֿאַרניינונג־באַקעמפֿונג פֿון דער היינטיקער בירגערלעכער וועלט, אַלס אַ בענקשאַפֿט נאָך נייע גייסטיקע האָריזאָנטן.

דער פּראָלעטאַריאַט איז דורך און דורך, אַרום און אַרום איינגעהילט אין אַן אַטמאָספֿערע פֿון פֿלאַמענדיקע פֿאַרגעפֿילן, פֿון פֿלאַקערנדיקער התלהבֿות, פֿון קאָלעקטיוויסטישן צונויפֿגיסן „איך" און „מיר", פֿון פֿאַראַכטונג צום טויט פֿונם יחיד גוף, פֿון אַ מוראדיקן אומשטאַרבלעכקייט־דראַנג, קורץ פֿון אַ גאַנצן שמורעם פֿון די אָנגעשטרייַנגטסטע געפֿילן און ווילנסבאַוועגונגען.

אָט די אַטמאָספֿער קאָן אמת ניט זיין קיין יסוד פֿאַר רעאַליסטיש פּלאַסטישע שאַפֿונגען און עפּישע דיכטונגען, פֿאַר זשאַנר־מאָלעריי און פֿאַר קינסטלערישע אימפּרעסיעס מכּל המינים. די אַלע קונסט פֿאָרמען קאָנען אויסוואַקסן נאָר פֿון אַ היסטאָריש שוין אויסקריסטאַליזירטן און אָביעקטיווע פֿאָרמען לעבנשטייגער.

אַפּן זכּר פֿון דער היינטיקער פּראָלעטאַרישער גייסט־וועלט קאָנען אָרגאַנישע אויסוואַקסן קודם כּל־לירישע שאַפֿונגען,

אַלס אויסדרוק פון דער רייכער קאָלעקטיוויסטישער פאָרגעפילן־וועלט, אין קינסטלערישן עקספּרעסיעס אין זייערע פאַרשיידנסטע אַנטפּלעקונגען, אַלס עסטעטישער אָפּקלאַנג פון יענע מעכטיקע גייסטיקע שטורעמס, וואָס ברויזן אין דעם היינטיקן פּראָלעטאַריאַט, דעם מוטער־שויס, אין וועלכן ס'ווערט איצט געבאָרן די נייע וועלט נשמה.

אָט די שטורעמס קאָנען בשום אופן ניט געפינען פאַר זיך קיין אויסדרוק אין דער פאָרמען שפּראַך און מעטאַפאָרן־וועלט פון די בורזשואַזנע קולטור־תקופות. דעריבער איז יעדער „נעאָקלאַסיציזם" אין הויך א פעלשונג און א עסטעטישער ליגן, א שעדלעכע קינסטלערישע פּשרה־מאַכעריי.

דער נשמה־אויפברויז פון אונזערע העלדן־טעג מוז אין דער קונסט זוכן נייע, אייגענע, אויפשטרייסלענדיקע פאָרמען, וואָס מוזן אָפּמאָל, ווי אַ דיסאָנאַנס אַ שנייד טאָן אונזער אַלעמענס אַלטע כאַלאָן־עסטעטיק, וואָס איז לויט אירע היסטאָרישע טראַדיציעס פּאַטריציאַניש, פּעאָדאַל, בורזשואַז, נאָר בשום אופן ניט קאָלעקטיוויסטיש.

דעריבער וואָרצלען די באַדייטנדסטע נייע קונסט־ריכטונגען דירעקט אָדער אומדירעקט אין דער גייסטיקער סביבה פונם פּראָלעטאַריאַט. דעריבער ציט דער אַרבעטער־קלאַס אַריין אינם קרייז פון זיין השפּעה וואָס ווייטער אַלץ מער די באַדייטנדסטע קינסטלער און דיכטער פון אונזער צייט.

און אָט אין דעם באַגרענעצטן זין קאָן מען בלי ספק ריידן וועגן דער פּראָלעטאַריש־אָריענטירטער קונסט, אַלס קונסט פון קאָלעקטיוויסטישע פאָרגעפילן און עקספּרעסיעס אין ערשטער שורה.

ג.

די אויסערלעך־רעוואָלוציאָנערע פּלאַקאַטן־פּראָזעאָלאָגיע פון די עסטעטישע ליפּעראַנטן פונם פּראָלעטאַריאַט איז אין הויך אַסך ווייניקער ווערט, ווי די שלעכטע, אָבער אָרגאַניש־אויפריכטיקע פּראָלעטאַרישע מאָטיוון פון די דיכטער, וואָס זייער שאַפונגסגייסט איז אף א נאַטירלעכן אופן פאַראַנקערט אינם אַלטן לעבנשטייגער, אָבער וואָס אין זייער דיכטונג פלעכטן זיך אָפּטמאָל אַריין גייסטיקע צוקונפט־פעדים, ווייל זיי זיינען דאָך — קינסטלער:

יאָ, אויך די קונסט זאָל דינען דער רעוואָלוציע, אָבער דערצו מוז זי קודם כל זײַן — קונסט, ד. ה. ניט קיין באַשטעלטע צי געוויילטע פּראָפּאַגאַנדע. און דאָ קאָן בשום אופן ניט העלפן דער גאַנצער אויסערלעכער פּראָלעטאַרישער קלאַפּערגעצייג, מיט וועלכן אייניקע פון די אַזוי גערופענע „אמת־פּראָלעטאַרישע“ פּאָעטן פּרווון זיך פאַרפוצן זייער קינסטלערישע נישטיקייט. מיט זייער געקינסטלטקייט, וועלכע דער אַרבעטערקלאַס וועט מיט זיין געזונטן חוש שטענדיק אַרויסשפּירן, שטויסן אַזוינע „דיכטער“ דעם אַרבעטער אין די אָרעמס פון דער אַלטער, קלאַסישער קונסט, וואָס איז אים פאָרט נאָענטער און פאַרשטענדלעכער, ווייל — זי איז קודם כל — אופריכטיקע קונסט, הגם זי איז אין תוך פיינטלעך דער אַרבעטעראידעאָלאָגיע.

קלאַסן־קולטורן זיינען ביז איצט אַלעמאָל געווען אין תוך כ ל ל־ק ו ל ט ו ר ן, אויסגענוצטע און פאַלסיפיצירטע צוליב קלאַסן־צוועקן. דער פּראָלעטאַריאַט קומט ניט באַשאַפן אַ נייע קלאַסן־קולטור אין אָט דעם זין. די קולטור, וואָס דער אַרבעטערקלאַס עפנט אויף פאַר איר נייע וועגן, וועט בלי ספק זיין די העכסטע כ ל ל־קולטור.

# דרוקפעלערן:

1) זייטע 4 איז דורכגעלאָזן פאָלגענדיקע ערשטע שורה:
„און דערביי איז עס ניט נויטווענדיק, אז אָט דער אינע־״

2) זייטע 5 ש, 6 פון אויבן אַנשטאָט „תקופד״ צו לייענען „תקופה״
„ 5 „ 22 „ „ „ „געבאָר״ „ „ „געבאָרן״

3) „ 6 „ 7 „ „ „ „אָן״ „ ״ „און״

4) „ 9 „ 1 „ „ „ „ווי״ „ „ „וויל״

5) „ 12 „ 17 „ „ „ „קאַמעטאַראַ״ „ „קאָמענטאַר״

6) „ 20 „ 6 „ „ „ „אַ פּ״ „ „אַ פּרייער״

7) „ 20 „ 17 „ „ „ „.... „ „און וועמעס״

8) „ 23 „ 3 „ „ „ „נעראָגיליפּ׳ן״ „ „העראָגליפן״

9) „ 28 „ 3 פון אונטן „ „אַקטיווע״ „ „אַנטיקע״

10) „ 34 „ 3 „ „ „ „ווערן״ „ „וועבן״

11) „ 46 „ 3 פון אויבן „ „געווײלטע״ „ „געוואָלטע״

## פון אייגענעם מחבר:

1) די נאַציאָנאַליטעטן-פּראָבלעמען פון דער קעגנוואַרט. ריגע, 1909 (דייטש)
2) דער אידישער סאָציאַליזם און זיינע שטרעמונגען. ווין 1910 (דייטש)
3) דער וועג פון אידישן פּראָלעטאַריאַט. אָדעס 1917 (רוסיש) וואַרשע 1918 (אידיש).
4) טעמפּעראַליזם (פאַרזוך פון איד. קולטורפילאָסאָפיע) ריגע, 1919 (רוסיש).
5) הערמאַן קאָהען. ריגע 1922
6) פון רוים צו צייט. (געדאַנקען צו אַ קולטורפילאָסאָפיע) ריגע 1922
7) די רעוואָלוציע אלס פּסיכאָלאָגישער פּראָצעס. ריגע 1924
8) קונסט אַלס פאָרגעפיל פון מאַכט. ריגע 1924.

ס'געפינט זיך אין דרוק:

די אידן אין לעטלאַנד. (היסטאָריש-סטאַטיסטישער איבערזיכט).

הויפּט-לאגער: קאאפּעראַטיוו „אַרבעט“
צענטראַלער ביכער-לאגער פאַר לעטלאַנד.
ריגע, עליזאַבעט גאַס 91/93

E. Lewin, Riga.